# PRI YERUCHOM

## PART II

A book containing valuable thoughts and enlightment on the Book of Psalms and on various Talmudical passages, written in popular language so that every Jew may enjoy the beauty of our holy Torah.

This book is written in the same spirit and contents as that of my other book known as "HEGYONEI YERUCHOM" which is very popular in Jewish life and to which all the Rabbis and Leaders in Israel have put their seal of approval.

BY

RABBI F. W. CIECHANOWICZ

NEW YORK, N. Y.

1939

ספר

# פרי ירוחם

חלק ב

געדאנקען און ערקלערונגען אין תהלים
און אין מאמרי חז"ל, בעהאנדעלט דאס
יעדער איד זאל קענען געניסען פון
אונזערע גייסטיגע תורה אוצרות.

דער ספר איז אין גייסט און אין אינהאלט ווי
מיין ספר „הגיוני ירוחם", וואס איז באוואוסט
אין דער אידישער וועלט, וואס אלע גדולי
ישראל האבען אויף איהם מסכים געוועז.

פון
הרב יז"ץ
(המכונה פישל וואלף צעכאנאוויץ)

ניו יארק, תרצ"ט

# פאַררעדע

## אָדער גאָר אַ פאַרטיידיגונג

פיעל פון מיינע פאַרעהרער שליט"א, וואָס האָבען געלעזען מיין מאַנוסקריפּט, האָבען מיך פּרובירט קריטיקירען אויף דעם וואָס איך שרייב דעם ספר אין דער אידישער שפּראַך און נישט אין לשון קודש. אנדערע פון זיי האָבען זיך שטאַרקער אויסגעדריקט מיט די ווערטער, אז עס פּאַסט נישט דאָס אַזאַ וויכטיגער, באַלערענטער ספר זאָל געשריבען ווערען אין זשאַרגאָן. דאָס איז קריטיק מיט א ביטול אויף דער אידישער שפּראַך, וואָס א אמת, איך בין זיך מודה ומתודה, דאָס איך אליין בין פון די וואָס זיינען אין דער מיינונג, אז דאָס וואָס מען קען זיך נאָר באַנוצען מיט לשון קודש, דאַרף מען נישט נוצען קיין אנדערע שפּראַכען, ווייל לשון קודש איז אונזער פאָלקס-שפּראַך, וואָס איז מיט איהר צוזאַמען געבוירען געוואָרען. אין דער שפּראַך איז אונזער תורה, מיט דער שפּראַך האָבען גערעדט צו אונז אונזערע נביאים, אין דער שפּראַך איז די שירים פון רבי יהודה הלוי און בן גבירול, געווים, געווים, איז לשון קודש געווען אונזער שפּראַך, און זי וועט מיט ג-ט'ס הילף זיין אונזער שפּראַך, און טאַקע פון גאַנצען פאָלק, מיט איהר זיך צו באַנוצען אין הויז און אין גאַס, אָבער

ביי היינטיגען טאָג וואָס קען מען טאָן, מיר מוזען זיך רעכענען מיט דעם וואָס גאָר א גרויסער טייל פון אונזער פאָלק וועלכע פערהייליגען די לשון קודש שפּראַך, אָבער באַנוצען זיך מיט איהר איז זיי שווער. יאָ, עס דארף אזוי נישט זיין, אָבער דאָס איז דאך ליי־דער א געשעענער פאַקט, דאָס אונזערע אידישע מענ־טשען באנוצען זיך מער מיט אידיש ווי מיט לשון קודש און באשולדיגען זיי פאַר דעם קען מען אויך נישט. דאָס איז בלויז די שולד פון ביטערען גלות, וואָס נישט נור די שפּראַך האָט ער פון אונז אוועקגערויבט, נאָר אויך פיעל טייערע הייליגטימער.

אַלזאָ, מוזען מיר זיך רעכענען מיט דעם פאַקט, דאָס א סאך פון אונזער פאָלק ריידען און שרייבען אין דער שפּראַך, איז אפילו זי זאָל זיין זשאַרגאָן, איז זי דאָך די אידישע שפּראַך. מיר זעהען דאָך, אז מ׳האָט א נאָמען געגעבען די שפּראַך אידיש, איז דאָך א סימן אז זי רעכענט זיך שוין אין דעם אידישען באַגאַזש אין דעם פאָלקס־אייגענטום.

דער רמב״ם ז״ל אין פרקי אבות דריקט זיך אויס מיט דעם געדאנק: „אמת, לשון קודש איז טייער, נאָר אויב אז איינער שרייבט שלעכטע זאכען אין לשון קודש און א צווייטער שרייבט דברי חכמה ומוסר אין אן אנ־דער שפּראַך, איז געווים די שריפט פון די חכמה ומוסר טייערער״. די וואָס האָבען ביי מיר באשטעלט די ספרים זיינען עהרליכע, טייערע, גוטע אידען וואָס ווילען לער־

נען אידישע תורה און חכמה. פיעל פון זיי האָבען פאר־
לאנגט איך זאָל מחבר זיין פאר זיי א ספר אין אידיש,
בעט איך די וואָס לשון קודש איז ביי זיי גרינג אָבער
אידיש וועלען זיי דאך אויך קענען לעזען. בע"ה וועט
זיין דער ספר שוה לכל נפש, דאָס יעטוועדער אידישער
מענטש וועט קריגען פון די ספרים שיינע ידיעות
בחכמת ומוסר התורה.

# פתיחה

**דאָס וואָס** פיעל קריטיקער אויף ספרים פאַרפאַסער שטיצען זיך אויף דעם פסוק אין קהלת, וואו עס ווערט געזאָגט: „ויתר מהמה, בני, הזהר עשות ספרים הרבה אין קץ", ווייזען זיי פון דעם, דאָס מען זאָל זיין אָפּגעהיט פון צו מאַכען פיעל ספרים, אָבער דער גאון מהרש"ל זצ"ל, אין זיין הקדמה צום ים של שלמה אויף חולין ערקלערט, אַז דאָס מיינט קהלת, מען זאָל זיין אָפּגעהיט פון צו מאַכען ספרים, וואָס אין זיי איז קיין קץ נישטאָ, דאָס מיינט, זיי זיינען געשרי-בען אָהן א סוף. מען קען אין ספר קיין טאָלק נישט דערגעהן. אזעלכע ספרים זאָל מען נישט מאַכען, נאָר מען זאָל אין ספר זעהן קלאָרע ווערטער, מען זאָל וויסען א סוף און א ברעג, וואָס דער ספר מיינט.

**אין זוהר הקדוש** פרשת תזריע ווערט געבראַכט: „כמה דעונשא דבר נש בגין מלה בישא, כך עונשו בגין מלה טבא דאתי לידיה ויכול למללא ולא מלל" (ווי גרוים עס איז די שטראָף פון א מענש צוליעב א שלעכטען וואָרט, אַזוי גרוים איז די שטראָף צוליעב א גוטען וואָרט, וועלכען ער האָט געהאַט די מעגליכקייט צו זאָגען, און האָט נישט געזאָגט). אין מיינע געדאַנקען זענען דאָ, ב"ה, א סאַך ווערטער,

וועלכע זענען ווערט זיך צו רופען „מלה טבא" (גוטער וואָרט), און פיליכט וועלען זיך געפינען, צווישען די, וואָס וועלען לערנען מיין ספר, קריטיקער מיט אַ דורכ־דרינגליכען אויג, וואָס וועלען זוכען פעהלערען, — און אַז מען זוכט, געפינט מען, — אַזוי ווי דער מאמר חז"ל: „יגעת ומצאת תאמין", און געפינען טעותים אין מיינע געדאַנקען, — בעט איך ביי זיי, אַז זיי זאָ־לען געדענקען די גמרא, אין שבת דף קכ"ז: „שהדן חברו לכף זכות, דנין אותו לזכות" (דער, וואָס אור־טיילט זיין חבר פון דער גוטער זייט, אורטיילט מען איהם אויך אַזוי). אויב זיי ווילען, אַז מען זאָל זיי דן זיין לכף זכות, זאָלען זיי זוכען אין מיין ספר די גוטע זייטען, און אויב זיי וועלען נאָר מיך וועלען גע־רעכט מאַכען, וועלען זיי שוין געפינען אַ וועג, ווי אַזוי און מיט וואָס. איך דאַרף זיי נישט לערנען, דען דאָס איז אַ כלל אין דער נאַטור, אַז אין יעדער זאַך געפינען זיך צוויי זייטען, אַ גוטע און נישט קיין גוטע. אַבסאָ־לוטע גוטס איז אַ זעלטענהייט. און די זאַך איז אַלזאָ אַזוי: אויב די זאַך קומט אַריין אין די הענט פון אַ גוטען מענשען, געפינט ער דאָס גוטעס פון דער זאַך. און אויב דאָס קומט אַריין אין די הענט פון נישט קיין גוטען מענשען — געפינט ער שטענדיג דאָס נישט גוטעס. דערמיט האָב איך ערקלערט אַ פסוק אין תהלים, קאַפּיטעל נ"ב: „אהבת רע מטוב שקר מדבר צדק סלה". (האָסט ליעב דאָס שלעכטעס מעהר פון גוטס, שקר מעהר ווי צו רעדען גערעכטיגקייט). דוד

המלך באַקלאָגט זיך אויף דואג האדומי און זאָגט צו איהם: דיין נאַטור איז, ליעב צו האָבען דאָס שלעכטס, מעהר ווי דאָס גוטעס, אויב דו אורטיילסט דעם מענש וועגען אַ זאַך, וואו עס געפינען זיך צוויי זייטען, האָסטו ליעב שטענדיג צו געפינען די שלעכטע זייט, און אויך אַזוי „שקר מדבר צדק סלה״, שטענדיג געפינסטו דעם „שקר״ און נישט דעם „צדק״. איך בעט ביי ג-ט און האָף צו איהם, אַז די לערנער און לעזער פון מיין ספר זאָלען זיין פון די, וועלכע זוכען שטענדיג דאָס גוטעס, און זאָלען אין איהם אויך געפינען נאָר גוטעס, און זאָלען שטענדיג אורטיילען פון דער גוטער זייט.

**אין ספר תשובות** „כנפי יונה״ שרייבט ער אין דער הקדמה פאָלגענדעס: „איך האָב געהערט דערצעהלען וועגען דעם ווילנער גאון זצוק״ל, אַז איינ-מאָל איז געקומען צו איהם אַ מחבר צו בעטען ביי איהם אַ הסכמה אויף זיינעם אַ פירוש צום סידור התפלות. דער גאון האָט געזעהן ביים אָנהויב פון זיין ספר אַ טעם, פאַרוואָס דער סדר התפלות הויבט זיך אָן מיט דעם שבח פון אדון עולם, לויט דעם וואָס עס האָט געזאָגט ר׳ שמעון בן יוחאי אין מסכת ברכות דף ז׳: „מיום שברא הקב״ה את העולם לא היה אדם שקראו להקב״ה אדון עד שבא אברהם וקראו אדון״, שנאמר: „ויאמר אברהם אדוני במה אדע״. פון דעם טאָג, וואָס ג-ט האָט באַשאַפען די וועלט, איז נישט געווען קיין

מענש, וואס האט גערופען ג־ט מיט דעם נאמען אדון, ביז עס איז געקומען אברהם און איהם גערופען „אדון", ווי עס ווערט געזאגט: „ויאמר אברהם אדוני במה אדע", און אין מסכת ברכות, דף כ"ו געפינט זיך, אז אברהם האט מתקן געווען תפילת שחרית. ווי עס ווערט געזאגט: „וישכם אברהם בבקר אל המקום אשר עמד שם", ואין עמידה אלא תפילה. האט אויף דעם דער ווילנער גאון געזאגט, אז ווען דער ספר וואלט געדרוקט געווארען נאר צוליעב דעם, וואלט אויך גע־נוג געווען.

**דער גאון מהור"י** פון ליסא זצ"ל אין זיין הקדמה צו זיין ספר „תורת גיטין" שרייבט: אז „אויב עס געפינט זיך אין א ספר אפילו נאר איין גוטע זאך, פארטיידיגט עס שוין אויפ'ן גאנצען ספר".

**אויך קום איך** צו דערמאנען די לעזער פון מיין ספר „פרי ירוחם", אז זיי זאלען וויסען, אז דאס איז נישט קיין ספר הלכה, נאר א ספר אגדה, אין וועלכען איך האב ארויסגעגעבען מיינע געדאנקען און וויסענשאפטליכע מאמרים, געבויט אויף די יסודות פון חז"ל, צו פארשאפען גענוס יענעם, וועלכער וועט איהם לערנען. און אמיינסטענס, די תלמידי חכמים, וועלכע דארפען האלטען זייערע דרשות יעדען שבת פאר זייערע געמיינדעס. זיי, האף איך, וועלען געפינען אין דאזיגען ספר מיינעם אזעלכע ענינים, וועלכע פאר־

שאפען פארגעניגען די זאגער'ס און די צוהערער. איי-נער פון די הויפט-זאכען אין מיין ספר איז: אריינצו-בלאזען א פונק פון בטחון אין ג-ט, אז ער וועט אונז נישט פארלאזען. אויך א פונק פון בטחון אין אונזער נאציאן, און זיך נישט מיאש זיין פון דעם קומענדיגען דור, זאגענדיג: אז דאס איז א קרומער און פארדריי-טער דור, און נישט צו זיצען מיט פארלייגטע הענט און גארנישט טאן, נאר ארומצוגעהן און קרעכצען, און זאגען, וואס קענען מיר אויפטאן. נאר אדרבה, דער שוואכער דארף זאגען: „גבור אני", „איך בין א העלד". און בפרט די פיהער פון פאלק זאלען זיך באנוצען מיט זייער גייסט, וואס ג-ט האט זיי אפגעטיילט פון זיך, און זאלען אריינבלאזען א לעבעדיגען גייסט אין די טרוקענע ביינער, וועלכע וועלען געווים צוריק אויפלע-בען, די צייט איז פעהיג צו דעם . . .

**אין סנהדרין דף צ"ח** ווערט געבראכט: „אמר רבי יוחנן, אם ראית דור שמתמעט והולך חכה לו, שנאמר: ואת עם עני תושיע". רבי יוחנן זאגט ווען דו זעהסט א דור, וואס ווערט וואס אמאל ווינצי-גער, זאלסטו האפען, ווי עס ווערט געזאגט: „ואת עם עני תושיע" (דעם ארימען פאלק רעטעטסטו). דער מהרש"א זצ"ל דארט שרייבט: „ר"ל בממון, שהעניות מוסיף ומאמרו השני של ר' יוחנן שאומר: אם ראית דור שצרות רבות באות עליו כנהר, דהיינו נמי שהצרות מוסיף והולך כמו הנהר". (ער מיינט דערמיט צו זאגען,

אַז דאָס אָרעמקייט פערמעהרט זיך, און דער צווייטער מאמר פון ר׳ יוחנן, וועלכער זאָגט, אַז ווען דו זעהסט אַ דור, וואָס אַ סאַך צרות קומען אויף איהם, אַזוי ווי אַ טייך, דאָס הייסט, אַז די צרות פארמעהרען זיך שטאַרק). לויט די רייד פון דעם מהרש״א, קאָן מען פרעגען: צו וואָס איז נויטיג דער ערשטער מאמר? עס איז דאָך שוין גענוג דער צווייטער מאמר, דאָס אַז די צרות פאַרמעהערען זיך, צו וואָס דאַרף רבי יוחנן טאָפּלען דעם מאמר? אויך די ענדערונג פון דעם לשון פון די מאמרים באַווייזט, אַז רבי יוחנן האָט נישט געמיינט איינס און דאָס זעלבע מיט זיינעביידע מאמרים. מיין מיינונג אין דעם איז: אז אין ערשטען מאמר רעדט ר׳ יוחנן וועגען די רוחניות (גייסטיגקייט) פונ׳ם דור, און זאָגט: אויב דו זעהסט אַ דור, וואָס ג-ט׳ס גייסט און דער גייסט פון דער תורה ווערט פאַרטונקעלט, זאָלסטו נישט אַריינפאַלען אין פאַר־צווייפלונג און זאָגען: מיר זענען שוין פאַרלוירען, חו״ש, נאָר האָף צו ג-ט, ווי עס ווערט געזאָגט: „ואת עם עני תושיע״. און אַזוי אויך זענען די רייד פון דעם נביא (ישעיה קאַפּיטעל נ׳): „כה אמר ה׳, איזה ספר כריתות אמכם אשר שלחתיה או מי מנושי אשר מכרתי אתכם לו. הן בעונותיכם נמכרתם, ובפשעכם שלחה אמכם: מדוע באתי ואין איש? קראתי ואין עונה? הקצר קצרה ידי מפדות ואם אין בי כח להציל וגומר״. (אזוי האָט געזאָגט ג-ט, וואו איז דער גט, וואָס איך האָב אייער מו־טער געשיקט, אדער צו וועלכען, וואָס מאָנט ביי מיר,

האָב איך אייך פאַרקויפט. איהר זענט דאָך נאָר צוליעב אייערע זינד פאַרקויפט געוואָרען, און צוליעב אייערע פאַרברעכענס איז אייער מוטער אַרויסגעשיקט געוואָרען, טאָ פאַרוואָס, ווען איך קום, איז קיינער נישטאָ? איך רוף אייך, און קיינער ענטפערט נישט? צי דען בין איך נישט אימשטאַנד צו באַפרייען און צי דען פעהלט מיר כח צו רעטען? א. א. וו.). „ה׳ אלקים נתן לי לשון למודים לדעת לעות את יעף דבר יעיר לי אזן לשמע כלמודים”. (ג־ט האָט מיר געגעבען אַ טאַלאנט צום רעדען, צו וויסען ווי צו רעדען צום שוואַכען, נאָך דער צייט נאָך. און מיר געלאָזט הערען זיינע רייד, ווי לערנונגען). דער נביא שטראָפט אונז אין נאָמען פון ג־ט, עס זאָל אונז נישט ארויף אויף אונזער געדאַנק, אַז מיר האָבען שוין געענדיגט דעם חשבון מיט ג־ט, און עס איז שוין נישטאָ מעהר וואָס אויפצוטאָן. און זאָגט: „אי זה ספר כריתות” (וואו איז דער גט?), עס איז נישט פאַרגעקומען קיין גט צווישען אונז, איהר זייט נאָך מיינע. דער עיקר איז דאָס די „בעלי לשון למודים”, די וואָס קענען גוט רעדען, און די וואָס וויסען „לעות”, וואָס קענען רעדען לויטן גייסט פון דער צייט, „את יעף דבר”, צו די מידע און פאַרמאַטערטע אומצוקערען צוריק צו דער מחנה. אין מיין ספר קען מען געפינען ווערטער, ווי פלאַם־פייער געגומען פון ג־ט׳ס נביאים, פון מאמרי חז״ל און סתם ויסענשאַפטליכע, אין סטיל פון רעדנער־טאַלאַנט, און וואָס איז, אז איך האָב אַמאָל אַ טעות געהאַט חו״ש. מיינע

רייד זיינען דאָך געדאַנקען און מוסר־רייד, און יעדער איינער רעדט מיט זיין סטיל.

**בכלל** איז וועגען מיין דאָזיגען ספר נישטאָ וואָס זיך צו פאַרענטפערן אַזוי פיעל און צו בעטען ענטשולדיגונג. אפשר האָב איך אַ טעות געהאַט, חו"ש. דען ס'איז דאָ אַ מאמר אין ירושלמי, מסכת הוריות פ"ג: „אגדה שאינו אוסר ואינו מתיר, ולא ישליטנו האלקים לאכול ממנו, זה בעל אגדה, שאינו לא אוסר ולא מתיר, לא מטמא ולא מטהר, וכו׳". לויט די רייד פון ירושלמי, דאַרף איך נישט אַזוי פיעל זיך בעטען ביי מיינע לעזער וועגען די ענינים פון טעות, ווייל רעיונות פון אגדה, קומט נישט עפּעס אסר׳ן, אָדער מתיר צו מאַכען, נישט צו מטמא זיין, אָדער מטהר זיין, און בפרט, אַז די גרויסע וועלט־גאונים און באוואסטע חכמים האָבען געזעהן מיין ספר און מיך געבעטען, איך זאָל וואָס צום גיכסטען איהם איבערגעבען צום דרוק, ווייל פיעל געלערענטע ווארטען אויף איהם, און געוויס האָבען די גאונים נישט אַרויסגעלאָזט פון זייער האַנט אַ זאַך, וואָס איז נישט פאָלקאָם אין אָרדנונג, און מיינע ספרים, בעזר השם, איז לתקונו של עולם, צו גרויסע נוצען.

**איך ענדיג** מיין ספר מיט דער תפלה: עס זאָלען אָנגענומען ווערען די רייד פון מיין מויל און געדאַנקען פון מיין הארץ מיט צופרידענהייט, פאַר דיר ג־ט, מיין שטאַרקער און ערלייזער, און זאָלסט מאַכען

לייכטען מיינע אויגען און די אויגען פון מיינע קינדער און קינדס־קינדער אין דער תורה, אליין צו לערנען און אויך מיט אנדערע צו לערנען, אפצוהיטען און צו טאן. און עס זאל אין אונז מקוים ווערען דער פסוק: יעדע ניי־געשאפענע כלי זיין זאל אויף דיר נישט ווירקען, און יעדער, וואס וועט זיך מיט דיר משפט'ן זאל ארוים שולדיג. און די, וואס האפען צו גאט זאלען באקומען פרישע כחות. און די קינדער זאלען זיך אומ־קערען צו זייער לאנד, און יעדער זאל זיצען אונטער זיין ווינשטאק און אונטער זיין פייגענבוים, און קיי־נער זאל איהם נישט מעהר באאונרוהיגען. און מיר זאלען געהן אין נאמען פון אונזער ג־ט ביז אין דער אייביגקייט.

יא

## די שוהלען זענען אונזערע קרעפּאַסטען

דער שמועס איז מיר אויסגעקומען צו האַלטען אין אמעריקע צווישען א העכערע אידישע געזעלשאַפט (ווי מען רופט דאַ אין אַמעריקע, צווישען אַ „אייטאָנע קלאַס"), ווען עס איז ביי זיי פאַרהאַנדעלט געוואָרען וועגען אידישע פּראָבלעמען, וועגען דער אידישער לאַגע, איבערהויפּט וועגען דער אידישער צוקונפט און וועגען דער אידישער ערציהונג ביי אונזערע קינדער. מענין לענין, פון שמועס צו שמועס, נאָך פאַרשידענע מיינונגען, ביז עס איז אַרויפגעשוואָמען אַ שמועס וועגען אונזערע בתי כנסיות, שוהלען און טעמפּלען. אייניגע פון דער געזעלשאַפט (איך גלויב, אַז דאָס זענען געווען פּרעזידענטען, אָדער אַזוי אָפּיסערס פון שוהלען) האָבען זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די שעהנע גרויסע שוהלען און טעמפּלען, וואָס מיר בילדען דאַ אין לאַנד, דאָס וועט לעזען די שווערע אָנגעוועהטאָגטע פראַגע וועגען אונזער אידישער צוקונפט, אונזערע שוהלען און טעמפּלען זענען שעהן. פאַר דער אויסערליכער וועלט, פאַר די קריסטען, און עס איז שעהן און גוט פאַר אונזערע קינדער. זיי זעהען, דאָס מיר שאַפען און מיר האָבען וואָס צו ווייזען. אין דעם שמועס איז געווען פיעל אַנטיילנעהמער. עס האָט

זיך אַרויסגערופען פאַרשידענע דיסקוסיעס און דעבאַ־
טעס. דער עולם האָט מיר אַרויסגערופען, פאַרלאַנגט,
דאָס איך זאָל אין דער פראַגע אַרויסזאָגען מיין מיינונג.
איך האָב זיך נישט געלאָזט פיעל בעטען און איך האָב
זיי מיין מיינונג אַרויסגעזאָגט צו דער פראַגע פון די
שוהלען מיט די קינדער ערציהונג.

**מיט די ווערטער** האָב איך ערקלערט: יע, מיינע
טייערע פריינד, עס איז ריכטיג, דאָס אייע־
רע שוהלען און טעמפּלען זענען וואונדערבאַר אין
שעהנקייט און גרויסקייט. זיי זענען ריכטיגע קרעפּאָס־
טען פאַר׳ן יודענטום. ווי איך האָב די ווערטער פון
מיין מויל אַרויסגעלאָזט, איז ביי אַלע פאַרזאַמעלטע די
פנים׳ער ליכטיג געוואָרען, זיי האָבען פשוט געשטראַלט
פון פרייד. פון פובליקום האָבען זיך געלאָזט הערען די
ווערטער פון דער גמרא, דער דרש אויף דעם פסוק:
„אם אני חומה״ — די שוהלען זענעןווירקליך אונזער
שטאַרקייט. זיי זענען אַלע מיט גרויס שפּאַנונג און
מיט איין אָטעם גרייט געווען צו הערען די גאַנצע
אויפקלערונג מיינע.

און איך האָב מיין ערקלערונג פאָרגעזעצט מיט
דיזע ווערטער:

**מיינע פריינד**, איך וועל אייך אויפקלערען וואָס איז
דאָס, וואָס מען רופט קרעפּאָסט, און וואָס
זענען די נוצען פון א קרעפּאסט. איך פערזענליך, גראַ־

דע, האָב אַ שטיקעל ידיעה אין דעם. נישט וויל איך בין געווען אַ מיליטערישער מאַן, אַ סאָלדאַט, אָדער אַן אָפיציר, נור וויל די שטאָדט אין יוראָפּ, אין וועלכער איך האָב געוואוינט, איז ניט וויט פון דעם דייטשישען גרענעץ, די רוסען האָבען זיך פארזיכערט קעגען דייטש, האָבען זיי געבילדעט אַרום שטאָדט אַ קרעפּאָסט. דע־רום האָבען מיר געוואוסט, וואָס איז דאָס אַ קרעפּאָסט. אַ קרעפּאָסט איז — מען בויט טיף אין דער ערד ביל־דינגס פון צעמענט מיט אייזען, זייער גראָבע ווענט. אין בילדינג איז דאָ די שווערע גרויסע האַרמאַטען, די מיילער שטעקען אַרויס פון די ווענט, צו באַשיסען דעם שונא. ווען דער דייטש האָט באַלאַגערט אונזער שטאָט, איהר איינצונעמען, זענען די רוסען געווען אינעווייניג, אין קרעפּאָסט, און באַשאָסען די דייטשען. געוועהנליך, איז דער באַשטאַנד פון די רוסען זיכערער געווען. זיי זענען געווען אין אַ פאַרמאַכטען, באַשיצטען אָרט, און דער דייטש איז געשטאַנען אין דרויסען, אָהן שום באַ־שיצונג. אַזוי איז צוגעגאַנגען ביי אונזער שטאָדט די מלחמה צווישען רוס מיט דעם דייטש. דער דייטש איז אָפּגעשטאַנען ביי אונזער שטאָדט אַנ׳ערך אַ יאָהר צייט, ביז דער דייטש האָט צוגעבראַכט אַ גרעסערע צאָהל אַרטילעריע מיט גאָר די שווערע גרויסע האַר־מאַטען, מיט די גרעסטע קאַנאָנען און האָט אָנגעפאַנ־גען צו געבען אַ גרויסען טרומעל פייער, ביז ער האָט אַרויסגעטריבען די רוסען פון קרעפּאָסט, און דער דייטש האָט פארנומען די קרעפּאָסטען און איז אַריין

אינעווייניג, און דער רום איז ארוים אין־דרויסען. דער כלל איז, אז אין א קרעפּאַסט קענען נישט זייןביידע אַרמייען צוזאַמען, נור ווען דער רום איז אינעווייניג, אין קרעפּאַסט, איז דער דייטש אויסענווייניג. און ווען דער דייטש איז אינעווייניג, אין קרעפּאַסט, איז דער רום אויסענווייניג. ביידע צוזאַמען, דער רום מיט'ן דייטש, קענען נישט זיין אין קרעפּאַסט. צוויי פיינד קענען נישט זיין צוזאַמען אין קרעפּאַסט, נור אָדער דער רום, אָדער דער דייטש.

**דאָס זעלבע**, מיינע פריינד, וועל איך אייך אויפקלע־רען. אַמאָליגע שוהלען אונזערע זענען נישט געווען קיין פיינדליכע קרעפּאַסטען. די שוהלען האָבען זיך גערופען בתי כנסיות, דאָס איז דער טייטש, איינזאַמלונגס־הייזער. דאָרט איז געווען דער אמת'ער, ריכטיגער אָרט פון שלום. אין די שוהלען האָבען מיר זיך אַלע אידען פאַרזאַמעלט, די פאָטערס מיט די קינ־דער, די זיידעס מיט די אייניקלאך. אין די שוהלען פלע־גען זיך אויפטרעפען דריי דורות און אמאָל נאָך מעהר דורות צוזאַמען. אָבער דאָ, אין דעם לאַנד, ליידער און ליידער, האָט אונזער שוהל פאַרלוירען דעם ריכטיגען נאָמען. ס'איז שוין נישט מעהר קיין איינזאַמלונג פלאַץ פאַר די עלטערען מיט די קינדער, נור די שוהלען זענען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין קרעפּאַסטען, אין ריכטיגע מלחמה־פלעצער. די פאָטערס מיט די קינדערס זענען אין די שוהלען, ווי די רוסען מיט די דייטשען. ווען

די טאַטעס זענען אין די שוהלען, קומען נישט די קינ־דער אין די שוהלען. זיי ערקלערען עס פּאַר אַ קריעגס־פּלאַץ, ווי זיי וואָלטען געווען פיינד מיט די עלטערען אין קריגס־ערקלערונג. נור ווען קומען יע אונזערע קינ־דער אין שוהל? ווען מ׳האָט שוין דעם טאַטען פון שוהל אַרויסגעפיהרט, אויסער׳ן שטאָדט, צו זיין אייביגער רוה, דאַן קומען די קינדער אין שוהל זאָגען יתגדל ויתקדש שמיה רבא. אָבער נישט פריהער, ווען דער טאַטע האָט געלעבט און איז געווען צווישען די לעבע־דיגע חברים,— דאַן האָבען זיי נישט געוואָלט קומען אין שוהל, ווייל צוזאַמען מיט׳ן טאַטען האָט דער זוהן נישט געוואָלט זיין, ווי זיי וואָלטען אין מלחמה ערקלע־רונג געווען. איך האָב געזעהן דעם טייטש אין אַ ספר אויף דעם פסוק אין קהלת: „ושבח אני את המתים שכבר מתו, מן החיים אשר המה חיים עדנה״, — מען קען פיעל מאָל רימען די געשטאָרבענע עלטערען, דאָס זיי האָבען מעהר קראַפט, ווי די לעבעדיגע עלטערען, דאָס מיינט צו זאָגען, דאָס די לעבעדיגע עלטערען זע־נען נישט אימשטאַנד געווען צו ברענגען זייערע קינ־דער אין שוהל, און די געשטאָרבענע עלטערען באַוויי־זען דאָס יע . . .

**מיינע פריינד**, ווי לאַנג קען דאָס אַזוי אָנגעהן ביי אַ פאָלק, אַזאַ מלחמה, אַזאַ שפּאַלטונג זאָל זיין צווישען עלטערען און קינדער, דאָס אונזערע קינ־דער זאָלען נישט וועלען צוזאַמען זיין מיט אונז, נישט

וועלען אריינטרעטען אין אונזערע שוהלען, ווען מיר געפינען זיך אין די שוהלען. אין איין דור זאָל כאַפּען אַזאַ מרחק רב, מיט אַזאַ שנאה, וואָס איז בולט (קענטיג) אויף יעדער שריט און טריט? דאָס וואָס ביי די עלטערען איז טייער און הייליג, איז דאָס ביי די קינדער ביליג און וואָכעדיג, און פאַרקערט, וואָס ביי די עלטערען איז נידעריג און ביליג, דאָס גראדע פּארטייערען און פאַרהייליגען די קינדער, אָנפאַנגענדיג פון שבת קודש מיט׳ן זונטאג, פון די הייליגע חנוכה-ליכט מיט דעם באַוואוסטען בוים, אויך אונזער שפּראַך און אַנדערע שפּראַכען, און זאָ ווייטער. זאָלען מיר זיך אומקערען אַלע צוזאַמען, די קינדער מיט די עלטערען, צו אונזער הייליגטום, צו אונזער ג־ט, צו אונזער פאָלק, צו אונזער תורה, צו אונזער שפּראַך, צו אונזערע ימים טובים, זאָלען אונזערע בתי הכנסת זיין, ווי דער ריכטיגער נאָמען איז בית הכנסת, די הויז פון איינזאַמלען זיך אַלע צוזאַמען, די עלטערען מיט די קינדער, און טאָקע לעבעדיגע. מיר זאָלען קענען אויסשרייען פאַר דער גאַנצער וועלט: „עם ישראל חי" — דאָס אידישע פאָלק לעבט!

## די פאַמיליע אין דער פסח-נאַכט

**אין דער נאַכט פון פסח**, ווען די אידישע פאַמיליע זיצט צוזאַמען אַרום טיש צו פייערען דעם חג החרות, דעם יום טוב פון באַפרייאונג, וועלכעס איז כמעט דאָס איינציגע מאָל אין יאָהר, וואָס אַלע מיט־גלידער פון דער פאַמיליע זאָלען זיין צוזאַמען אין הויז, וואָס נישט יעדער שבת און יום טוב איז דערצו זוכה, אויך ווען אפילו דער הויפּט פון דער פאַמיליע היט שבת און יום טוב, אָבער „קרא עלי מועד לשבר בחורי" (די אַלטע פייערען דעם יום טוב, אָבער די יוגענדליכע ברעכען דעם יום טוב). דער פאָטער פאַרהייליגט דעם שבת, אָבער די זיהן און טעכטער זענען נישט ביים טיש, — אַ טייל פון זיי זענען פאַרנומען אין זייערע מסחרים, אַ טייל פון זיי געפינען זיך אין יענער צייט אין די פאַרוויילונגס־ערטער און דאָס גלייכען. ערשט נאָך האַלבער נאַכט, קומען זיי זיך צוזאַמען. דער — פון זיין געשעפט, דער — פון אַ באָקסען־קאַמף, אַ דריטער — פון פוטבאָל שפּיל, און די טעכטער — פון „מואַווינג פּיקטשור", פאַלען אַריין אין שטוב הונגעריגע, ווי ווילדע חיות, מען לויפט אין קיך, צום בופעט און באַדע צימער. נאָך האַלבער נאַכט הויבט זיך אָן די לעבענס־באַוועגונג, צוזאַמען מיט'ן חילול שבת. אַזוי פיהרט זיך

יעדען שבת און יום טוב. אָבער אין דער פסח-נאַכט פיהרט מען זיך אַנדערש. די גאַנצע פאַמיליע פאַרזאַמעלט זיך אין דעם הויז פון דעם זיידען, דער הויפּט פון דער פאַמיליע. עס קומען זיך צונויף די זיהן און די טעכטער, די איידימס, די שניר און די אייניקלעך. אַלע קומען זעהן די רעליגיעזע צערעמאָניע ביים זיידען אין שטוב: די מצות, דעם אפיקומן, דעם מרור, דעם כרפס, די חרוסת, די אייער, די זאַלץ-וואַסער, דעם כורך, די כוסות און דעם כוס פון אליהו הנביא. און דער עיקר צו זעהן דעם זיידען אָנגעטאָן אין אַ ווייסען קיטעל, זיי־צענדיג אָנגעלעהנט אויף אַנ׳אויסגעבעטען שטול מיט קישענס. די שטוב איז באַלויכטען, אויסער פון עלעקטרישער ליכט, ברענען נאָך אויפן טיש ליכט אין זילבערנע לייכטער. די גאַנצע פאַמיליע פון יונג ביז אַלט געפינען זיך אין דער נאַכט אַרום טיש, אַזוי ווי איין גאַנצעס. די פאָרשטעלונג איז זעהר אַ פּרעכטיגע. ווי עס פיהרט זיך, פרעגט איינער פון די קינדער די פיער קשיות. די האַרבסטע קשיא איז: מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות, וואָס איז עפּעס אַנדערש די נאַכט פון אַלע נעכט, וואָס מיר האָבען זיך גענומען צייט זיך צונויפצוקומען און צו זיצען אַלע אין איינעם? דער זיידע גלעט זיין ווייסע באָרד, ווי ער וואָלט געזוכט איצט אין זיין געדאַנק אַ תירוץ אויף די קשיות, און הויבט אָן מיט׳ן אַלטען טראַדיציאָנעלען ניגון דעם אַלטען תירוץ: עבדים היינו לפרעה במצרים ויוציאנו ה׳ א. א. וו., ערקלערט די ווערטער אין דער אומגאַנגס־

שפּראַך: ווער פּרעה איז געווען. ער שילדערט פּרעה׳ן מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים און שס״ה גידים, אויך די לענג פון פּרעה׳ס באָרד שילדערט ער. און דער עיקר, וואָס פּרעה דער מצרי האָט געטאָן דעם פאָלק ישראל, די גזרות, וועלכע ער האָט גוזר געווען אויף אונזערע עלטערען, אריינצו־וואַרפען יעדען ניי־געבוירענעם זוהן אין טייך. און די גאַנצע פאַמיליע הערט זיך איין מיט אַ הייליגער שטילקייט צו יעדעם וואָרט, וואָס געהט אַרויס פון דעם זיידענס מויל, ווייל דעם ערשטען מאָל הערען זיי, די יונגוואַרג, אַז אויך די אידען זענען געווען פאַרשקלאַפט, אַז ווי די שוואַרצע אין סאוט אַמעריקא, און אַזוי ווי אין אַמעריקא איז געווען דער באַפרייער, דער פּרעזידענט אברם לינקאָלן, אַזוי איז געווען משה רבנו דער באַפרייער פון די אידען. אַלע קוקען זיך אָן איינע די אַנדערע מיט ענטציקונג און שטוינען וועגען דער נייער אַמעריקא, וואָס איז ענטדעקט געוואָרען דורך דעם אַלטען זיידען. די פאַמיליע הערט זיך איין, און דער אַלטער דערצעהלט. אין מיטען דערצעהלען איז ער מפסיק דעם ענין מיט פּרעה׳ן, און הויבט אָן צו דערצעהלען וועגען לבן הארמי מיט אַ פרישען קוראַזשעדיגען ניגון: „צא ולמד מה בקש לבן הארמי לעשות ליעקב אבינו שפּרעה לא גזר אלא על הזכרים ולבן בקש לעקור את הכל״ (לעהרען וואָס לבן דער ארמי האָט געוואָלט טאָן צו אונזער פאָטער יעקב, פּרעה האָט נאָר גוזר געווען אויף די זכרים און לבן האָט געוואָלט אַלץ אומברענגען).

## דער אונטערשייד צווישען פרעה׳ן און לבנ׳ן

**די דאָזיגע** זאַך וואונדערט אונז: אין דער באַפרייאונגס-נאַכט, וואָס מיר זענען באַפרייט געוואָרען פון דעם מצרי פרעה, וועלכער האָט אַריינגעוואָרפען אונזערע קינדער אין טייך, ווען דער דאָזיגער פרעה איז קראַנק געוואָרען אויף אַ קערפערליכער, אָדער אויף אַ פּאָליטישער קרענק, האָט ער זיך באַנוצט מיט דעם בלוט פון אונזערע קינדער אַלס רפואה, באַדענדיג זיך אין וואַנעס פון זייער בלוט, די מצריים האָבען פאַרביטערט אונזערע עלטערען מיט שווערע אַרבייט: קנעטען ליים און מאַכען ציגעל — און אין דער נאַכט פון פסח האָט אונז ג־ט אַרויסגענומען פון מצרים, טאָ וואָס האָט עפעס פלוצלינג דער בעל הגדה מפסיק געווען די ערצעהלונג וועגען דעם מצרי, און האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען וועגען לבן הארמי, און נאָך פיעל שטאַרקער ווי וועגען פרעה׳ן, און בעטאָנט אין דער ערצעהלונג, אַז פרעה אַנטקעגען לבנ׳ן איז ווי גאָרנישט, אַז לבן מיט זיין שלעכטסקייט האָט איבערגעשטיגען פרעה׳ן? דאָס איז שווער צו פאַרשטעהן: וואו האָט דאָס דער בעל הגדה אויסגעפונען, אַז לבן האָט אונז שלעכטס געטאָן מעהר פון פרעה׳ן? דאָס וואָס פרעה האָט געטאָן צו אונזערע עלטערען איז געשריבען אין דער תורה, איצט ווילען מיר זעהן וואָס אַזעלכעס האָט אונז לבן געטאָן, וואָס דער בעל הגדה טאַ־

דעלט איהם אזוי. לאמיר אנהויבען פון דעם אנפאנג, ווי יעקב איז געקומען צו לבנ'ען.

**די זאך איז פארגעקומען,** ווען עשו הרשע האט באשלאסען צו ערמארדען יעקב'ן, ווי אין דער תורה איז געשריבען: „ויאמר עשו בלבו יקרבו ימי אבל אבי ואהרגה את יעקב אחי" (ווען עס וועלען זיך דערנעהענטערען די טרויער-טעג פון מיין פאטער, וועל איך ערמארדען מיין ברודער יעקב), און עשו פלאנט איינצוארדנען רציחות, און די שחיטות הויבען זיך אן. א שטאדט נאך א שטאדט ווערט חרוב: אונזער מוטער רבקה זעהט עשו'ס מערדערייען און שחיטות. זי האט מורא, אז ער זאל יעקב'ן נישט הרג'-נען. אלס געטרייע מוטער רופט זי יעקב'ן אוןווארענט איהם, ער זאל אנטלויפען פון עשו'ס מדינה צו איהר ברודער, וועלכער וואוינט מעבר לים. זי הייסט יעקב'ן אנשרייבען א בריעף צום פעטער און איהם מיטצו-טיילען וועגען די געשעהענישען און צרות, וואס מען ליידט זיך אן פון עשו'ן, און איהם בעטען, ער זאל ארויסשיקען אנ'איינטריטס-דאקומענט, דאס מיינט: די נויטיגע פאפירען אריינצוקומען אין די שטאטען, אלע זאכען וואס מען דארף האבען צו דער רייזע און א ביסעל געלד אויף דער הוצאה. כאטש עס איז מיר זעהר ביטער, וואס דו, מיין ליבער זוהן יעקב, מיין איינ-ציגער זוהן, דער שווארצאפעל פון מיין אויג, פאר-לאזסט מיך אויף מיין עלטער, מיין גאנצע האפנונג

איז געווען, אז דו, מיין זוהן, זאָלסט מיך באַגלייטען צום קבר, זאָלסט זאָגען נאָך מיר קדיש און לערנען אַ פּרק משניות, אָבער וואָס קען מען זיך העלפען, מיין זוהן. עס איז אַ גזרה מן השמים. אויב ג-ט איז דאָס ליב, מוזען מיר דאָס אויך אָנעהמען פאַר ליעב. די זאַך איז געוואָרען באַשלאָסען. מען שרייבט אַוועק אַ בריעף צום פעטער. אין בריעף דערצעהלט מען אַלץ, וועגען די רויבערייען און מערדערייען, וועלכע עשו איז באַגאַנגען אין אַלע אידישע ישובים, די אַלע אומגליקען, וועלכע האָבען געטראָפען אידען בכלל און אונזער פאַמיליע בפרט, דהיינו: פעטער ראובן איז גע'הרג'עט געוואָרען אויף קידוש השם אין דער שטאָדט פּראָסקוראָוו, אַ גרויסער טייל פון אונזער משפחה איז פארוואונדעט געוואָרען און זענען געבליבען קריפּעלם. מיר בעטען רחמנות צו האָבען און שיקען וואָס צום גיכסטען די נויטיגע פּאַפּירען צו דער רייזע אין די שטאַטען, אויך אַ ביסעל געלד אויף רייזע-קאָסטען. דער בריעף איז אָנגעקומען צום פעטער, און יענער האָט דערפיהלט די ביטע, האָט געשיקט אַלע נויטיגע פּאַפּירען, אויך אויף רייזע-קאָסטען אַ באַדייטענדע סומע געלד. אז יעקב האָט דערהאַלטען די פּאַפּירען מיט'ן געלד, האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַריין. „ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה". אויפ'ן מיט'ן וועג האָט איהם אָנגעטראָפען אליפז, עשו'ס זוהן און האָט איהם באַרויבט. ער האָט צוגענומען, וואָס ער האָט נאָר ביי איהם געפונען. דאָס געלד און זיין גאַנצען באַגאַזש. (אַזוי האָבען זיך

אויך געפיהרט דער מעהרסטער טייל פון די אַגענטען, וועלכע האָבען געפיהרט די עמיגראַנטען איבער'ן גרע־נעץ). איז יעקב געבליבען נאַקעט און בלויז. אַז עס איז אָנגעקומען די נאַכט, און יעקב האָט געוואָלט שלאָ־פען, האָט ער אפילו קיין קישען צו־קאָפּענס נישט גע־האַט, און איז גענויט געווען זיך אונטערצולייגען א שטיין אונטער'ן קאָפּ. און אַזוי וואַנדערט יעקב פון זיין פאַטערלאַנד אין ווייטע לענדער. שווער איז דאָס לע־בען פון א וואַנדערער און בפרט פון אַ וואַנדערער, ווי יעקב, וואָס נישט אַלץ איז איהם ערלויבט און נישט אַלץ מעג ער. נאָך פיעל מאַטערניש און צרות, איז יעקב מיט ג־ט'ס הילף אַריבער דעם אַטלאַנטישען ים און אָנקומענדיג אויפ'ן טרערען אינזעל, האָט ער טעלע־פאָנירט צו זיין פעטער, אַז ער איז שוין ביים פּאָרט. „ויהי כשמוע לבן את שמע יעקב בן אחותו”, דאָס הייסט, אַז דער פעטער האָט באַקומען דעם טעלעפאָן, אַז זיין שוועסטער'ס זוהן איז געקומען, „וירץ לקראתו” — איז ער איהם געלאָפען אַנטקעגען, האָט גענומען זיין אויטאָמאָביל, געפאָהרען צום פּאָרט, מקבל פנים צו זיין יעקב'ן. אַז דער פעטער האָט איהם דערזעהן, האָט ער איהם אַרומגענומען און איהם געקושט און איהם געבראַכט צו זיך אין שטוב. „ויחבק לו וינשק לו ויביאהו אל ביתו”. דער פעטער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויפ'ן געזונד פון דער גאַנצער פאַמיליע, „ויספר ללבן את כל הדברים האלה”, און יעקב האָט איהם דער־צעהלט אַלץ, וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט, וועגען די

פאַגראָמען און די מערדערייען פון די שטעדט אָדעם און פראָסקוראָוו און נאָך אַנדערע; אַז דער גרעסטער טייל פון דער פאַמיליע לעבט שוין נישט מעהר. זיי זענען ערמאָרדעט און געשאָכטען געוואָרען, ר״ל. יעקב וויינט און דערצעהלט. אויך דער פעטער און זיין גאַנ־צע הויז־געזינד פארגיסען טרערען. דער פעטער און די גאַנצע פאַמיליע טרייסטען און באַרוהיגען איהם. נאָך די דערצעהלונגען און טרערען, פיהרט מען אַריין יעקב׳ן אין באַדע־צימער זיך אָרומצו־וואַשען. מען גיט איהם וויסע וועש, געמאַכט לויט אַמעריקאַנער מאָדע, מען טהוט איהם אָן אין אַ קורצען מלבוש און לאַנגע הוי־זען און שיך מיט ברייטע נעזער. און אַזוי ווערט יעקב פאַרוואַנדעלט אין אַ געבוירענעם יענקי, אין פולען זין פון׳ם וואָרט.

## יעקב אין דעם נייעם לאַנד

**נאָכ׳ן אויסטאָן זיך** פון אייראָפּאַ און אָנטאָן זיך אַמעריקאַניש, לאַדעט מען יעקב׳ן צום טיש, וועלכער איז געגרייט מיט כל טוב: מיט אַלע סאָרטען זיסקייט, פרוכטען: וויינטרויבען, אָראַנדזשען, עפּעל. עס פעלען אויך נישט קיין געטראַנקען: שנאַפּס און וויין — דאָס איז נאָר געווען דער אָנפאַנג פון דער

סעודה, נאָר אַ פאַרשפּייז, נאָכהער האָט זיך אָנגעהויבען די אמת'ע סעודה, אויפ'ן אַמעריקאַנעם שטייגער מיט אַלע איינצעלהייטען און פינקטליכקייטען, מיט אַלע סאָרטען גרינוואַרג: שוואָמען, אוגערקעס, געפליגעל-פלייש, רינד-פלייש, פעטע און מאָגערע, פאַרשינע קאָמפּאָטען און נאָכשפּייזען, און פאַרשידענע געטראַנקען: פון „כרמל וויין" ביז „קאקא קאלע". דער פעטער און די גאַנצע פאַמיליע מיט יעקב'ן הויבען אָן עסען און טרינקען. יעקב האָט זיך שוין גוט אונטערגעלענט זיין הארץ, אויף זיין פּנים איז קענטיג געוועז, אַז ער טראַכט זיך: ס'איז טאַקע אַ גאָלדענע לאַנד, אָט די אַמעריקא! אַ לאַנד, וואו עס פעהלט קיין זאַך נישט. נאָכ'ן ענדיגען די סעודה, זאָגט דער פעטער צו איינעם פון זיינע זיהן, ער זאָל נעמען די מאַשין און זיך דורכשפּאַצירען אַ ביסעל מיט יעקב'ן איבער די גאַסען פון שטאָדט, ווייזען דעם גרינעם די שטאָדט ניו-יאָרק. זיי געהען אַרויס פון שטוב, זעצען זיך אַריין אין מאַשין, און דער שפּאַציר הויבט זיך אָן. יעקב זיצט אין מאַשין און שטוינט, קוקט דורך דער ווינדע אין אַלע זייטען: רעכטס, לינקס, אויבען און אונטען, הויבט אויף דעם קאָפּ צו זעהן די הויכע געביידעס, וואָס זייערע שפּיצען שטעכען אַריין אין הימעל, וואונדערט זיך, זעהענדיג, ווי די טריינען לויפען אויבען איבער די דעכער — אויף דער ערד און אונטער דער ערד, דער טומעל און דער גערויש פון די צעהנדליגער טויזענטער מענשען, און אויטאָמאָבילען פאַרטויבען די אויערען.

אַלץ לויפט, אַלץ איילט זיך, ממש ווי דער רויש פון ים און זיינע וועלען. און די געדאַנקען לעבערען איהם דעם מח. די טרערען רייסען זיך אַרויס און קייקלען זיך אויף זיינע באַקען און ער פרעגט זיך אַליין: „מאין יבא עזרי", פון וואַנען וועט קומען מיין הילף? ווי אַזוי וועט דאָס דער יעקב, — אַ קינד פונ'ם קליינעם ליט-ווישען שטעדטעל, ערצויגען אין וואָלאָזשינער ישיבה, — קענען געפינען אַ שטיקעל ברויט אין דעם גרויסען ברויזענדען ים? און אַז דער פעטער קוקט זיך אין זיין פנים) כאַפּט איהם אָהן אַ רחמנות אויף איהם: „ויאמר לו לבן אך עצמי ובשרי אתה", און דער פעטער זאָגט צו איהם: דו ביסט דאָך מיין פלייש און בלוט, נישט געזאָרגט און ניש געוויינט, איך נעהם אַלע דיינע באַ-דערפענישען אויף מיר. און אַזוי איז געווען. „וישב עמו חודש ימים", יעקב איז געזעסען אַ גאַנצען חודש ביים פעטער אין הויז, געגעסען און געטרונקען פון שענסטען און בעסטען, און נאָך געקריגען פון פעטער אַ ביסעל קליינגעלד אין פּאַקעט.

**ווען דער חודש איז אַריבער,** רופט זיך אָן דער פעטער צו איהם פלוצלונג: „ויאמר לבן אד יעקב הכי אחי אתה ועבדתני חנם, הגידה לי מה משכרתך?" יעקב, אמת איך בין טאַקע דיין פעטער, דו דאַרפסט אָבער וויסען, אַז אַמעריקא איז נישט יוראָפּ, און ניו-יאָרק איז נישט קיין קליין שטעדטעל אין ליטא, אַז דו זאָלסט זיצען און עסען און

אַרומשפּאַצירען אין די גאַסען, ניין, מיין קינד, אין דעם לאַנד מוז מען אַרבייטען, קיין מן פון הימעל פאַלט דאַ נישט. „הגידה לי מה משכרתך" — זאָג מיר וואָס דו קענסט פאַרדינען, צו וואָס פאַר אַ מלאכה ביסטו פעהיג, אפשר צו שנייעדריי, אָדער צו אַנ'אַנדער מלאכה, אָדער גאָר צו פעדלעריי, דאָס הייסט: נעמען אויף זיך אַ בעסקעט מיט פאַרשיידענע סחורות, אַרום־געהן איבער די שטיבער פאַרקויפען? יעקב'ס פנים איז געוואָרען בלאַס ווי קאַלך. ווידער איז איהם אַרויף אויפ'ן געדאַנק וואָלאָזשין, דער „נצי"ב", ר' חיים סאַ־לאָווייטשיק. ער דער שעהנער זיידענער יונגערמאַנ־טשיק פון שטעדטעל, דער מצוינדיגער תלמיד חכם — זאָל זיך גאָר באַשעפטיגען מיט אַזעלכע פרנסות, און ווידער פליסען די טרערען פון זיינע אויגען. אָבער פאַר־פאַלען: נויט ברעכט אייזען, און יעקב בויגט זיין קאָפּ פאַר זיין פעטערס באַפעהל, געהט איהם נאָך אין מאַ־גאַזין. דער פעטער זאָגט גוט פאַר איהם און ער באַ־קומט אַ ביסעל סחורה אויף באָרג, און רבי יעקב, דער בכבודיגער בעל הבית, דער וויים־פּרעזידענט פון דער געמיינדע אין זיין שטעדטעל, דעם רב'ס חבר, האָט גענומען אַ גרויסען פּאַק, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען פאַרשידענע סחורות: קנעפּלעך, שנורעוואַד־לעס, שוועבעלעך, שבת'דיגע ליכט און יאָהרצייט־גלע־זער, זייף, קאַמען, בערשט, זאָקען און „דייפער פינס", דעם פּאַק האָט ער ארויפגענומען אויף די פּלייצעס און אָנגעהויבען צו ווערען אַ פעדלער, שלעפּט זיך אַרום אַ

גאַנצען טאָג, פון פריה-מאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט, קלאַפּט אין די טירען, אין טייל הייזער געפינט ער נישט קיין קונים, און אין טייל געפינט ער יאָ, דער האַנדעל גערט לאַנגזאַם, אָבער ענדליך פאַרגרעסערט ער זיך, און אין אונזער ר׳ יעקב׳ס הענד געפינט זיך שוין אַ באַדייטענדע סומע געלד, ער האָט שוין אַפילו געלד אין די בענק, און שרייבט שוין טשעקס, זיך גע־קויפט שוין אַ הויז אויף איינער פון די הויפּט-גאַסען פון שטאָדט. ער באַנוגענט זיך נישט מיט דעם איי־נעם הויז, נאָר קויפט אַ הויז נאָך אַ הויז. דער גרינער יעקב וואוינט שוין אין אַ עליגאַנטער וואוינונג, מיט שעהנע טייערע מעבעל און כלים, ווי איינער פון די גרעסטע. ער וואַקסט פון טאָג צו טאָג. „ויפרוץ האיש מאד מאד ויהי לו צאן רבות ושפחות עבדים וגמלים וחמורים״. — דאָס הייסט: יעקב האָט שוין אַלץ, וואָס מען קען זיך נאָר ווינשען: שעפסען, דינסטעו, קנעכט, קעמלען און אייזלען.

**נאָך דער ערצעהלונג** פון אונזער פאָטער יעקב׳ס לעבען ביי לבנ׳ען, וואונדערט אונז אויפ׳ן בעל הגדה, פאַרוואָס ער שילדערט לבנ׳ען מיט אַזעלכע שוואַרצע פאַרבען, אויסדריקענדיג זיך, אז פרעה אַנט־קעגען לבנ׳ן איז נאָך גאָר נישט. פרעה, דער וועלכער האָט געוואָרפען אידישע קינדער אין טייך, שעכט אי־דישע קינדער און מאַכט זיך בעדער פון זייער בלוט, דער דאָזיגער מערדער איז גאָרנישט אַנטקעגען לבנ׳ן?

דאָס וואָס לבן האָט געטאָן יעקב'ן איז דאָך געשריבען אין דער תורה און מיר זעהען גאַרנישט די גרויסע שלעכטס, וואָס ער זאָל איהם האָבען געטאָן. אפשר זאָלען מיר זאָגען, אַז די שלעכטסקייט באַשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט איהם אָפּגענאַרט, איהם געגעבען לאה'ן אַנשטאָט רחל'ען, איז ערשטענס: צוליעב דעם איז דען גרעסער זיין שלעכטסקייט פון פרעה'ן, און ווידער ער האָט דאָך איהם געגעבען רחל'ן אויך, און פאַרוואָס האָט דאָס דער בעל הגדה אויסגעגאָסען זיין גאַנצען צאָרען אויף לבנ'ן? אָבער דער בעל הגדה האָט שוין פאָראויס געפיהלט, אַז פיעל וועלען זיך וואונדערען אויף איהם, דעריבער האָט ער מדקדק געווען אין זיין שפּראַך און האָט באַטאָנט: „צא ולמד", געה לערען, פאָרש און זוך דאָס אינעווייניגסטע פון לבנ'ן, דאַן וועסטו פאַרשטעהן און וויסען, אַז לבן האָט געוואָלט אַלץ אָרויסרייסען און אַז זיין שלעכטסקייט איז געווען גרעסער פון פרעה'ס שלעכטסקייט. לאָמיר זיך גוט צוהערען צו די רייד פון דעם בעל הגדה, וועלען מיר לערנען דעם אונטערשיד צווישען פרעה'ן און לבנ'ן. אין דער צייט, וואָס מיר האָבען געלעבט אין דעם לאַנד פון פרעה'ן, אין דעם לאַנד פון רויב און געוואַלד-טאַט, געיאָגט און פאַרפאָלגט: „וימררו את חיינו", זיי האָבען פאַרביטערט אונזער לעבען, מיר האָבען געליטען פון אָרעמקייט און נויט, נישט געהאַט קיין קישען צוקאָפּענס, אָבער נאָך דעם אַלעמען האָט די שכינה גערוהט צווישען אונז. אמת טאַקע, זיי האָ-

בען פאַרביטערט אונזער לעבען, אָבער זיס זענען געווען אונזערע חלומות, דאָרט אויף דער הוילער ערד מיט'ן שטיין צו קאָפּענס. וואָס פאַר אַ חלום האָט זיך יעקב'ן גע'חלומ'ט? עס איז אונז באוואוסט, וואָס אין דער תורה שטעהט געשריבען: „ויחלום והנה סלם מצב ארצה וראשו מגיע השמימה, והנה מלאכי אלקים עולים ויורדים בו". מיר זענען געלעגען אויף דער הוילער ערד, אָבער מיר האָבען געהאַט אַ לייטער, וואָס זיין שפּיץ האָט דערגרייכט ביז צום הימעל, ג-ט'ס מלאכים זענען געווען מיט אונז. דאָס האָבען מיר געזעהן אין יעדער אידישער שטוב, ווי מיר וועלען רעדען וועגען דעם אין דעם קומענדיגען מאמר.

## פרייטאָג און פרייטאָג-צו-נאַכטס

לאָמיר זיך דערמאָנען דעם ערב שבת און דעם פרייטאָג-צו-נאַכטס, ווען מיר זענען געווען אין הויז פון אונזערע עלטערען. פרייטאָג נאָך האַלבען טאָג האָט מען שוין געקענט דערקענען אין שטוב, אַז עפּעס שאַפט זיך, אַז עפּעס גרייט זיך. מען ערוואַרט אַ וויכטיגען גאַסט. מען רייניגט יעדעס ווינקעל אין שטוב, מען שייערט און מען רייבט טיש און בענק, די בעלת הבית איז פאַרטאָן צוצוגרייטען די שבת'דיגע

מאכלים. אויך די קליינע טעכטערלעך זענען פאַרטאָן מיט'ן אריינברייגגען דעם הייליגען שבת. אלע ארביי-טען און באַשעפטיגען זיך לכבוד שבת. פאַרנאַכט, דער פאָטער קומט פון מקוה, זיין פנים זאָגט עדות, אַז ער האָט שוין אין זיך די נשמה יתרה. די זיהן, די גרויסע, ווי די קליינע, שטעהען שוין גרייט, אָנגעטאָן אין די שבת'דיגע מלבושים, צו געהן אַנטקעגען דעם קומענ-דיגען שבת. דער פאָטער איילט צו דער מוטער אָנצו-צינדען די ליכט. אַ ווייסער טישטוך ליגט פאַרשפרייט אויפ'ן טיש. די מעשענע לייכטער בלישצען. אונזער מוטער איז אָנגעטאָן אין בגדי שבת. אין אַ ווייסער טיכעל אויפ'ן קאָפּ שטעהט זי נעבען טיש, צינדט אָן די שבת'דיגע ליכט און מאַכט אויף זיי אַ ברכה, פאַר-דעקט מיט איהרע הענד דעם פנים, נישט יעדער מענש איז ווערט אַיינצוקוקען זיך דאָן אין איהר פנים, וועל-כער איז פול מיט הייליגקייט און איידעלקייט. איהרע ליפּען באַוועגען זיך פון אַ שטילען געבעט. זי גיסט אוים פאַר ג-ט איהר האַרץ. און זאָל קיינער נישט מיי-נען, אַז זי באַקלאָגט זיך, חס ושלום, אויף איהר ביטע-רען גורל און אויף איהר שווערען לעבען, וואָס זי און איהר הויז-געזינד ליידען נויט, די קינדער הונגערען, עס געהט צו ווינטער און די קינדערם שיך זענען צורי-סען און ווי שווער עס איז איהר אָנגעקומען, ביז זי האָט דעם שבת צונויפגעבראַכט. יעדען ערב שבת מוז זי לייען געלד אויף אַ משכון אויף שבת-הוצאות. זי האָט אויך אַ סאַך נויטיגע זאַכען צו בעטען, אָבער די

אַלע קליינינקייטען אינטערעסירען איהר נישט. זי האָט עפּעס אַ העכערען ענין, אויף וועלכען זי דאַרף בעטען ביי ג-ט. זי בעט ביי ג-ט: ליעבער ג-ט, דו האָסט אונז געגעבען דעם הייליגען שבת און האָסט אונז געהייסען אָנצונדען שבת-ליכט, און אַזוי האָב איך געטאָן פאַר דיין כבוד וועגען, און פאַר'ן כבוד פון הייליגען שבת הלואי, אַזוי ווי איך האָב אָנגעצונדען די ליכט, אַז זיי זאָלען לייכטען פאַר דיין כבוד וועגען, אַזוי זאָלסטו מאַכען לייכטען די אויגען פון מיינע קינ־דער אין דיין הייליגער תורה. אויך הערען מיר, ווי דער פאָטער רופט מיט אַ ליבליכען קול די קינדער צו געהן מיט איהם אין שוהל אריין. און אַלע קינדער קומען גלייך אויפ'ן רוף פון זייער פאָטער.

**אַזוי איז דער מנהג** פון די, וועלכע היטען די טראַדיציאָן און די מנהגים פון יודענטהום צו רופען די קינדער ערב שבת פאַרנאַכט מיטצוגעהן מיט זייער פאָטער אין שוהל אריין. אויב דער פאָטער רופט די זיהן מיט די נעמען: דזשאָן, דזשעק, קומט אין שול אריין,—איז נישט דזשאָן און נישט דזשעק הערען. אָבער ווען מען רופט איינפאַך מיט די נעמען: יעקב, משה, ברוך, קומט אין שול אריין מקבל שבת זיין, דאַן ענטפערען אַלע ווי איינער און זאָגען: „מיר געהען"! דער פאָטער מיט די זיהן קומען אין שוהל אריין, וועלכע איז פול פון עק ביז עק, דאָרט געפינען זיך אַלטע לייט און יונגע לייט, בחורים און קינדער. מען איז מקבל

שבת, דער חזן זינגט מיט באגייסטערונג „התעוררי, התעוררי"! און נאָך איהם ענטפערען אלע, די אלטע און די יונגע: „כבוד ה' עליך נגלה". ווער עס האָט נאָר געהאַט א אָפענעם אויג האָט ער געקענט זעהן די שכינה אין שוהל. נאָך קבלת שבת פלעגען זיך אָנהויבען פריינדליכע שמועסען. איינער האָט דעם צווייטען געפרעגט וועגען דעם לערנען פון זיינע קינדער, ביי וועמען זיי לערנען, וואָס פאר א מסכת זיי לערנען, אין ווינקעל מזרח דרום נעבען ארון קודש שטעהט א יונגער אינגעל, מיט א ברייטען שטערען ביז'ן האַלבען קאָפּ, און פרעגט א קשיא אין דער שיטה פון חרדל אין מסכת בבא בתרא, די קשיא פרעגט ער כלומרשט זיינעם א קליינעם חבר, אָבער אויסען איז ער אז דער רב וועלכער שטעהט אין ווינקעל נעבען ארון קודש, זאָל הערען די קשיא. מערסטענס מאָל העלפט דאָס, און אויך דער רב ווערט אריינגעצויגען אין א פלפול מיט די יוגענטליכע. נאָך די פריינדליכע שמועסען, דאַווענט מען מעריב. נאָך דעם דאַווענען הערען זיך פון אלע זייטען די וואונשען: „גוט שבת, גוט שבת" און יעדער פאָטער מיט זיינע קינדער געהען צוזאמען אהיים און צוויי מלאכים באגלייטען יעדען פאָטער מיט זיינע קינדער ביז צום שטוב. און באמת זיינען זיי ווערט די דאָזיגע פאָטערס מיט זייערע קינדער אז מלאכים זאָלען זיי באגלייטען. ווען זיי קומען אריין אין שטוב, ווי נאר זיי טרעטען איבער די שוועל, ווערען זיי באגעגענט, אָט די ליבליכע, מיט א פרעהליכען „גוט שבת" פון

גאַנצען הויז־געזינד, פון גרויס ביז קליין, מיט איין מויל און מיט איין נשמה. מען זינגט אלע אינאיינעם: „שלום עליכם מלאכי השרת", ביז „צאתכם לשלום מלאכי השלום", אלס וואונק צו די מלאכים אז זיי זיינען שוין נישט מעהר נויטיג אין דער דאָזיגער שטוב, ווייל די אלע וועלכע זיצען ארום טיש, זיינען אליין הייליגע מלאכים און זיי נויטיגען זיך נישט אין די הימלישע מלאכים. נאָך דעם אַרויסגעהן פון די מלאכים מאַכט מען קידוש אויף וויין, און די סעודה הויבט זיך אָן. צווי־שען איין געריכט און דעם צווייטען, פּלפּולט זיך דער פאָטער מיט די זיהן אין די ענינים פון דער גמרא וואָס זיי האָבען דורך דער וואָך געלערענט. אויך די אורחים וועלכע געפינען זיך ביים טיש נעמען אן איינטייל אין דעם פלפול. לאָמיר זיך נאָר באטראכטען: צי זיינען נישט געווען ביי אונז געטליכע מלאכים עולים ויורדים?

## די חלומות ענדערען זיך

**איצט וועלען מיר זעהן** דעם לעבען פון יעקב'ן אין הויז פון זיין פעטער לבן. אמת, יעקב איז געבענשט געוואָרען מיט א גרויסען פארמעגען. ער איז רייך געוואָרען מיט סטאַדעס שאָף און רינדער, מיט קעמלען און אייזלען, אָבער דער „איך" פון יעקב'ן

ווערט איינגעשרומפען און קלענער פון טאָג צו טאָג. יעקב שפירט ביי זיך אז ער איז א פארלוירענער און רופט אוים אויף זיך: „ארמי אובד אבי”. די חלומות און פאַנטאַזיעס ווייזען זיך איהם נישט מעהר, און דאָס איז א קלאָרע בעווייז, אז דער רוח הקודש האָט זיך פון איהם אָפּגעטאָן, אזוי ווי עס ווערט געבראכט אין מסכת ברכות דף נ"ה, רבי זעירא זאָגט: דער וואָס נעכטיגט איבער זיבען טעג אָהן א חלום ווערט אָנגערופען „רע”, שלעכטער, און אויב מען ווייזט איהם שוין יאָ אַמאָל א חלום, אָבער ער איז נישט פון דעם מין פון די פריהער־דיגע חלומות, ער זעהט נישט מעהר דעם „סלם מצב ארצה וראשו מגיע השמימה ומלאכי אלקים עולים ויורדים בו”, דאָס הייסט: א לייטער שטעהט אויף דער ערד און דער שפיץ פון לייטער דערלאנגט אין הימעל און מלאכים געטליכע געהען ארויף און אַראָפּ, נאָר אנשטאט מלאכים געטליכע זעהט ער גאָר עפּעס אַנ־דערש, ווי אין פסוק איז געשריבען: „ואשא עיני וארא בחלום והנה העתודים העולים על הצאן עקודים נקדים וברודים” (איך האָב אויפגעהויבען מיינע אויגען און איך האָב געזעהן אין חלום ווי בעק געהען אויף די שעפּסען געלאטעטע געפינטעלטע). ווען יעקב האָט גע־זעהן די ענדערונג וואָס אין זיין נשמה איז פאָרגעקומען, אז אנשטאט געטליכע מלאכים זעהט ער גאָר עתודים נקדים וברדים און נישט איין מאָהל האָט איהם שוין געטראָפען ביים אָנקעל אין הויז אין די הייליגסטע מינוטען, ווי למשל אין הייליגען טאָג יום כפור פאר

נעילה, דער רב פון שוהל דרשנ'ט וועגען דער באדיי־
טונג פון די דאָזיגע הייליגע מינוטען, און ער יעקב
טראַכט גאָר דאַן אנשטאט מלאכים, וועגען עתודים
נקודים וברדים, דאָס מיינט: (ווי איינער דעם צווייטען
ווייזט דעם זייגער, אז עס איז שוין צייט צו געהן אין
די ביזנעס), ווי יעקב האָט זיך ארומגעזעהן ווי עס
האַלט שוין מיט איהם, האָט ער זיך געלערענט א קל
וחומר און האָט געזאָגט: מה דאָך, איך, וועלכער האָב
געלערענט אין דער ישיבה פון שם ועבר, ערצויגען און
אויפגעוואַקסען געוואָרען אויף די קניה פון מיינע על־
טערען אברהם ויצחק, האָב געהערט זייער תורה און
זייערע געשפרעכען, און דאָך האָט אזוי געווירקט אויף
מיר דעם פעטער'ס הויז, אז איך זאָל זיך אזוי ענדערען
און צוקומען צו אזא מדרגה, וואָס וועט שוין זיין מיט
מיינע קינדער? און מיט פארביטערונג שרייט ער צו
לבנ'ן „תנה לי את נשי ואת ילדי", גיב מיר מיינע
פרויען און מיינע קינדער, וואָס טויגען מיר קעמלען און
אייזלען? קינדער דארף איך. אויף דעם איז געקומען
דעם אָנקעל'ס ענטפער: „ויען לבן אל יעקב הבנות
בנותי והבנים בני", די טעכטער זיינען מיינע, און די
זיהן זיינען מיינע, זאָלסט וויסען זיין יעקב, אז אין דעם
לאַנד גיט מען קיין זאך נישט אומזיסט, האָסט זיך
ערוואָרבען טייערע שטיינער, ברילּיאַנטען, דימאַנטען,
פערעל, מאַשינען, זיידענע קליידער פאר דיין פרוי,
נישט אומזיסט האָט מען דיר דאָס אַלץ געגעבען, דו
האָסט געגעבען א טאָכטער — האָט מען דיר דערפאַר

געגעבען גרויסע מויערען, א שעהנעם וואוינונג, און שעהנע מעבעל. דו האָסט געגעבען א זוהן האָט מען דיר פאר דעם געגעבען גרויסע ביזנעס. נאָך דעם דאָזי-גען געשפרעך צווישען איהם און זיין אָנקעל, האָט יעקב באַשלאָסען צו אַנטלויפען פון דעם פעטער, און אנשטאט זיך צו ערווערבען קעמלען און אייזלען, זאָל ער זיך ער-ווערבען זיהן און טעכטער. און יעקב איז אנטלאָפען פון זיין פעטער צו זיין געבורטסלאַנד. איצט איז אונז שוין פארשטענדליך פאר וואָס דער בעל הגדה האָט געפונען פאר נויטיג צו דערמאָנען אין דער נאכט פון באפריי-אונג אויך די רעטונג וואָס יעקב אבינו איז גערעטעט געוואָרען פון זיין פעטער לבן, „שבקש לעקור את הכל", וועלכער האָט אליץ געוואָלט אויסרייסען. דער בעל אגדה באטאָנט מיט די ווערטער „צא ולמד" (געה און לערען), אז דו ווערסט לערנען וועסטו פארשטיין, אז דאָס שעכטען און דאָס דערטרינקען קערפערס איז גאָר נישט אנטקעגען דעם אונטערגאנג און פארניכטונג פון דער נשמה.

**עהנליך צו דעם** געפינען מיר אין ספרי פרשת תצא: „רבי שמעון אומר מצרים הם טבעו את ישראל בים ואדומים הם קדמו את ישראל בחרב ולא אסרם הכתוב אלא עד ג' דורות, עמונים ומואבים שנטלו עצה להחטיא את ישראל אסרם הכתוב איסור עולם ללמדך שהמחטיא את האדם קשה לו מן ההורגו, שההורגו אין מוציאו אלא מן העולם הזה, והמחטיא

מוציאו אף מן עולם הבא". רבי שמעון זאָגט: „די מצריים וואָס האָבען דערטרונקען אידישע קינדער, די אדומים וואָס זיינען ארויסגעגאַנגען אַנטקעגען די אידען מיט דעם שווערד, האָט די תורה פארבאָטען זיי אריינצונעמען צווישען אידען ביז דריי דורות, דאַגעגען עמונים און די מואבים וועלכע האָבען געזוכט עצות ווי צו מאַכען זינדיגען די אידען, האָט די תורה פארבאָטען אויף אייביג זיי אריינצוקומען צווישען אידען, דען דער וואָס מאַכט יענעם זינדיגען איז ערגער פון דעם וואָס הרג'עט איהם, ווייל דער וואָס הרג'עט נעמט ער איהם נאָר צו פון דער וועלט, אָבער דער וואָס מאַכט איהם זינדיגען נעמט איהם ארוים אויך פון עולם הבא". עס זאָל מקוים ווערען אויף אונז די רייד פון דעם נביא (מיכה ז') מיכה: „כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" ונודה לך שיר חדש על גאולתנו ועל פדות נפשנו". „אזוי ווי די טעג פון דיין ארויסגיין פון מצרים וועל איך איהם ווייזען וואונדער", און מיר וועלען דיר דאנקען מיט נייע געזאַנג אויף אונזער ערלייזונג, קערפערליכע און גייסטליכע".

## נישטאָ קיין תבואה אָהן שטרוי — און נישטאָ קיין חלום אָהן נאַרישקייטען.

**אין סדרה מקץ** אין דער ערצעהלונג פון פרעה'ס חלום, זעהען מיר א ענדערונג און אונטער־שייד צווישען דעם אופן ווי די תורה דערצעהלט דעם חלום, און דעם אופן ווי פרעה דערצעהלט איהם. ווען די תורה דערצעהלט דעם חלום, מאַכט זי נישט קיין אונטערשייד צווישען די שלעכטע קיה און די גוטע, און איז נישט מגזם (איבערטרייבט נישט) ביי די מעהר ווי ביי די אנדערע, נאָר זי דערצעהלט ביי ביידע מיט איין נוסח: ביי די גוטע קיה דערצעהלט זי: „והנה מן היאור עולות שבע פרות יפות מראה ובריאות בשר" (און אַט געהען ארוים פון טייך זיבען קיה שעהנע און פעטע), און אזוי אויך דערצעהלט זי ביי די שלעכטע: „והנה שבע פרות אחרות עולות אחריהן מן היאור רעות מראה ודקות בשר" (און אַט געהען ארוים נאָך זיי פון טייך זיבען אנדערע קיה פון שלעכטען אויסזעהן און מאָגערע). אָבער ווען פרעה דערצעהלט דעם חלום, ענדערט ער דעם נוסח צווישען די גוטע און צווישען די שלעכטע. ווען ער דערצעהלט וועגען די גוטע, דער־ציילט ער אָהן איבעריגע איבערטרייבונגען, נאָר ער דערצעהלט: ער האָט געזען „בריאות בשר ויפת תאר"

(פעטע און שעהנע), און ווען ער דערצעהלט וועגען די שלעכטע קיה, דערצעהלט ער מיט גרוים איבערטריי־בונג, אז זיי זיינען געווען: „דלות ורעות תאר מאד ודקות בשר לא ראיתי כהנה בכל ארץ מצרים לרע״. (מאָגערע און שלעכטען אויסזעהן, שוואך־פליישיג, איך האָב נישט געזעהן אין גאַנץ מצרים אַזעלכע שלעכטע). ער דערצעהלט אויך, אַז דערנאָך ווי די מאָגערע האָבען איינגעשלונגען די פעטע, איז גאָר נישט קענטיג געווען אויף זיי, און זיי זיינען געבליבען מאָגערע ווי פריהער. דאָס איז וואונדערליך. ווען די תורה דערצעהלט דעם חלום, דערצעהלט זי דאָך געוויס פינקטליך, אזוי ווי ער איז פאָרגעקומען. הייגט פאַרוואָס האָט איהם פרעה געענדערט און אזוי פיעל איבערגעטריבען ביי די מאָ־גערע קיה, און אויב מיר ווילען ענטפערען דעם פשוט׳ן תירוץ: „אשר פיהם דבר שוא וימינם ימין שקר״, אז מיר קענען די קעניגען פון מצרים אַלס שקרנים, ליגנער. נישט איינמאָל האָט פרעה צוגעזאָגט משה רבנו ארויס־צולאָזען די בני ישראל פון מצרים, און ווען די מכה איז אריבער איז גלייך „ויכבד פרעה את לבו ולא שלח את העם״ האָט ער ווידער נישט געוואָלט אַרויסלאָזען די בני ישראל, אויב מיר ווילען אַזוי זאָגען, פאַרוואָס ווערט נישט דערמאָנט אין קיין שום אָרט, אַז פרעה האָט געזאָגט ליגענד אין חלום? נאָר געוויס האָט פרעה אויך דערצעהלט דעם אמת, און ער האָט נישט איבערטריבען דערצעהלענדיג דאָס, וואָס ער האָט ניט געזעהן אין זיין חלום. אויב אַזוי איז דאָך ווידער זיך

צו וואונדערען: דער אמת איז דאָך נאָר איינער און נישט קיין צוויי? מיין מיינונג אין דעם איז: לויט דעם, וועלכעס געפינט זיך אין מסכת ברכות, דף נ״ה, אַ מאמר פון רבי יוחנן אין דעם נאָמען פון רבי שמעון בן יוחאי: „דכשם שאי אפשר בר בלי תבן, כך אי אפשר לחלום בלי דברים בטלים״ (אַזוי ווי עס איז נישט מעגליך קיין תבואה אָהן שטרוי, אַזוי איז נישט מעגליך אַ חלום אָהן נאַרישקייטען). און אַזוי איז אויך דאָ ביי פרעה׳ס חלום, נישט מקוים געוואָרען דער גאַנ־צער חלום וועגען די מאָגערע קיה, אַזוי ווי עס איז פאַרהאַן אין תוספתא, סוטה פרק י׳, ווען יעקב אבינו איז געקומען קיין מצרים, איז שוין דער הונגער געווען צוויי יאָהר, און אין זיין זכות האָט דער הונגער אויפ־געהערט, ווי אין פסוק ווערט געזאָגט: „הא לכם זרע וזרעתם את האדמה״ (נאָט אייך זאָמען און זייט די ערד). איז לויט דער ערצעהלונג פון דעם חלום, אַזוי ווי פרעה האָט איהם דערצעהלט, אַז די קיה זענען גע־ווען זעהר מאָגער, און ווען זיי האָבען איינגעשלונגען די פעטע קיה איז גאָרנישט געווען קענטיג אויף זיי, אַז עס זענען אַריינגעקומען אין זיי די זיבען פעטע קיה, און לויט פרעה׳ס שילדערונג האָט יוסף פותר געווען דעם חלום, אַז דער הונגער וועט זיין זיעבען יאָהר כסדר אָהן איבעררייס, און עס וועט פאַרגעסען ווערען די זאַטע יאָהרען, וועלכע זענען פריהער געווען, און אין אמת׳ן האָט פרעה טאַקע נישט איבערגעטרי־בען אין זיין ערצעהלונג, דען פונקט אַזוי האָט ער טאַ־

קע געזעהן אין זיין חלום. אויך דאָס, וואָס ער דערצעהלט יוסף'ן, אַז ער האָט נאָך נישט געזעהן אַזעלכע מאָגערע קיה אין גאַנצען לאַנד מצרים, דערמיט האָט ער גע־מיינט צו באַטאָנען: אַז ער, יוסף, זאָל נישט מיינען, אַז דאָס איז נישט קיין ריכטיגער חלום, מיט וועלכען עס לוינט נישט זיך צו אינטערעסירען, אַז דאָס וואָס ער האָט געזעהן אין חלום אַזעלכע אונגעוועהנליכע מאָגערע קיה איז נאָר צוליעב דעם, ווייל ער האָט גע־זעהן בייטאָג אַזעלכע, און האָט וועגען זיי געטראַכט, האָט מען איהם געוויזען אין חלום דאָס, וואָס ער האָט פון דעם געטראַכט בייטאָג, דען אַזוי איז די נאַטור, אַזוי ווי עס געפינט זיך אין מסכת ברכות, דף נ"ה, : „אמר ר' שמואל בר נחמוני אמר ר' יונתן: אין מראין לו לאדם אלא מהרהורי דלבו" (מען ווייזט נישט דעם מענשען קיין אַנדער זאַך נאָר דאָס, וואָס ער טראַכט אין האַרצען). „אמר רבא, תדע דלא חזי אינש בחלמא דקלא דדהבא ולא פילא דעייל בקופא דמחטא" (רבא זאָגט, אַ פאַקט איז, אַז קיין מענש האָט נישט געזעהען אין חלום אַ גאָלדענעם טייטעלבוים און נישט קיין העל־פאַנט, וועלכער איז אַדורך אַ לעכעל פון אַ נאָדעל). צוליעב דעם האָט איהם פרעה געזאָגט: „איך האָב נאָך נישט געזעהן אַזעלכע מאָגערע קיה אין גאַנצען לאַנד מצרים", און דעריבער האָב איך נישט געטראַכט וועגען זיי, אויב אַזוי איז דאָך דער חלום אַ ריכטיגער, און לויט דעם כלל, וואָס די חכמים זכרונם לברכה האָבען געזאָגט, אַז „אין בר בלי תבן, ואין חלום בלי דברים

בטלים", אַז די חלומות ווערען נישט מקוים מיט אַלע איינצעלהייטען זייערע, איז טאַקע דער פּתרון פון די מאָגערע קיה נישט מקוים געוואָרען אין גאַנצען, מיט זיין גאַנצער הארבקייט, דען נאָך דעם ווי עס זענען אַריבער צוויי יאָהר, איז דער הונגער איבערגעריסען געוואָרען אין דעם זכות פון יעקב'ן, און עס איז נישט מקוים געוואָרען דער פּתרון פון „ורעות תאר מאד", און אויך דער פּתרון פון „ולא נודע כי באו אל קרבנה", און די צוויי זאַכען זענען דאָס געווען די דברים בטלים פון דעם חלום. און דעריבער, ווען די תורה דערצעהלט פּרעה'ס חלום, דערצעהלט זי נאָר דעם „בר" און נישט דעם „תבן", די תבואה, און נישט די שטרוי. דאָס מיינט: דעם ריכטיגען טייל פון דעם חלום, נאָר דעם חלק, וואָס דער פּתרון איז מקוים געוואָרען, אָבער די דברים בטלים, דעם חלק חלום, וואָס זיין פּתרון איז ניט מקוים געוואָרען, דערמאָנט נישט די תורה, דהיינו: „ולא נדע כי באו אל קרבנה" און פון „ולא ראיתי כהנה בארץ מצרים לרע".

**נאָך קען מען זאָגען** נאָך מיין מיינונג וועגען דעם, אַז דעריבער האָט פּרעה געמאַכט אַן'אונ-טערשייד צווישען די מאָגערע קיה און צווישען די פּעטע, וואָס ביי די פּעטע האָט ער נישט געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַזעלכע נישט געזעהן אין גאַנץ מצרים, און ביי די מאָגערע האָט ער יאָ אַזוי געזאָגט, ווייל דאָס איז דער שטייגער פון אַ קעניג, אַז ווען ער רעדט פון

שלעכטע זאַכען, זאָגט ער, אַז אין זיין לאַנד געפינט זיך נישט אַזעלכע, אָבער ווען ער רעדט וועגען גוטע זאַכען, וועט ער נישט זאָגען, אַז אין זיין לאַנד געפינען זיך נישט אַזעלכע גוטע. אַזוי ווי איך האָב דערמאָנט אין מיין ספר אין דעם מאמר „אין להתנהג בענוה בענינים הנוגעים לכלל", אַז דאָס, וואָס אַנבעלאַנגט צום פאָלק, פיהרט מען זיך נישט אַזוי באַשיידען, מיט דער מידה קען מען זיך נאָר פיהרען אין פריוואַטען לע־בען אָבער נישט צו זיין באַשיידען אויפ'ן חשבון פון כלל.

# נאציאנאליזם און אסימילאציע

## דער אונטערשייד אין דעם נוצען פון וואָרט און שריפט

**נאָך אַ גרויסען** און לאַנגען וכוח, וואָס איך האָב גע-האַט מיט אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט פאַר-טיידיגט די אַסימילאַטאָרען, האָב איך רעפערירט ווע-גען דעם דאָזיגען ענין אין אַ קרייז פון אַזעלכע מענ-שען, וועלכע דער אויבענדערמאָנטער דאָקטאָר האָט פאַרטיידיגט. ביים אָנפאַנג פון מיין רעפעראַט, האָב איך זיך פאַרענטפערט פאַר זיי און האָב געזאָגט, אַז אָב-וואָהל דער שטייגער איז פון די מענשען, וועלכע גע-הערען צו דער בעסערער געזעלשאַפט, נישט צו פיה-רען קיין מונדליכע ויכוחים, נאָר אויב מען וויל מיט זיי דיספוטירען, ווענדעט מען זיך צו זיי שריפטליך, דורך אַ בראָשור, אָדער דורך אַנ'אָפענעם בריעף אין דער פרעסע. אמת, מיינע געעהרטע הערען! איהר שטיצט זיך אויף דעם כלל, אַז „אינה דומה שמיעה לראיה”, אַז עס איז נישט גלייך דאָס הערען צו זעהן. אָבער איך האָב איבערגענומען פון איינעם אַ באַוואוס-טען רעדנער אין זיין צייט, וועלכער איז געוועזן אַ פראַקטיקאַנט אין אַזעלכע ענינים. אין מסכת גיטין,

דף ס׳, ווערט געבראַכט זיינער אַ רעפעראַט אויף דעם טעמאַט. דאָרט איז פאַראַן: „דרש ר׳ יהודה בר נחמוני מתורגמניה דרבי שמעון בן לקיש: כתיב, כתוב לך את הדברים האלה, וכתיב, כי על פי הדברים האלה, הא כיצד? דברים שבכתב אי אתה רשאי לאומרן על פה, דברים שבעל פה אי אתה רשאי לאומרן בכתב״. ר׳ יהודה דער זוהן פון נחמוני, דער דאָלמעטשער פון ר׳ שמעון בן לקיש האָט גע׳דרש׳נט דיזעס: איין מאָל שטעהט געשריבען: „שרייב דיר אויף די דאָזיגע רייד״, און איין מאָל שטעהט געשריבען: „דאָס דורך די דאָזיגע רייד״, ווי שיקט זיך דאָס? פון ערשטען פסוק ווייזט אויס, אַז זיי זענען געשריבען געוואָרען, און פון צווייטען פסוק ווייזט אויס, אַז זיי זענען געזאָגט געוואָרען אויף אויסענווייניג. מוז מען זאָגען אַזוי: דאָס וואָס עס איז געשריבען געוואָרען, טאָר מען נישט זאָגען אויף אויסענווייניג, און דאָס וואָס איז געזאָגט געוואָרען מונדליך, טאָר מען נישט זאָגען פונ׳ם שריפט. אַנ׳ערקלערונג צו דעם מאמר שרייבט דער גרויסער גאון אין זיין דור רבי מנשה איליער זכר צדיק וקדוש לברכה אין זיין ספר אלפי מנשה, אין וועלכען ער זאָגט פאָלגענדעס:

**דער אונטערשייד** אין דעם נוצען פונ׳ם וואָרט און שריפט איז דאָס, וואָס ביי יעדען איינעם איז דאָ אַ מעלה, וואָס ביים צווייטען איז דאָס נישטאָ. דאָס איז באַוואוסט, אַז דורך אַ מונדליכען געשפּרעך

קען דער ענין בעסער ערקלערט ווערען, צוליעב די פיעל „שמות נרדפים" (פערשידענע ווערטער פון כמעט דעם זעלבען באַגריף) און דאָס גלייכען, וועלכע איז שווער זיי צו ערקלערען שריפטליך. און כאָטש עס ווע־לען געמאַכט ווערען אין דער שריפט פונקטאַציע־צייכען, איז אויך שווער זיי צו ערקלערען, ווי מונד־ליך. און מאַנכעס מאָל לייגען די מענשען גאָר נישט קיין אַכט אויף די סימנים, אַזוי ווי עס ווערען געמאַכט אין די מלבושים פאַרשידענע קניפּלעך און סימנים, און נאָכהער פאַרגעסט מען גאָר, אַז מען האָט דאָס געמאַכט אַלס סימנים און ברענגען אַלזאָ נישט קיין נוצען. און אַזוי איז אויך מיט די פונקטאַציע־צייכען. אין פאַרלויף פון דער צייט ווערען זיי פאַרגעסען פון דעם גרעסטען טייל פון דער מאַסע, וועלכע לאָזט זיך נישט לערנען, נאָר דאָס וואָס אָהן דעם וואָלטען זיי גאָר נישט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהויבען, און קוים ווייסען זיי שוין דעם אָנהויב, איז שוין פאָר זיי גענוג, און ווי־לען זיך נישט באַמיהען צו ערלערנען דעם ענין גרינד־ליך. און אַזוי איז אויך דער ענין פון שריפט, וועלכעס עס איז פאָר זיי אונמעגליך צו לייענען, איידער זיי לער־נען זיך אוים די אותיות. דעריבער זענען זיי דאָס גע־נויט צום לערנען, אָבער נאָר אויף אַזוי פיעל, אַז זיי זאָלען קאָנען ווי עס איז צו לייענען. יעדער איינער מיט זיינע גרייזען, אָבער די לעזע־צייכענס, וועלכע דינען אויף צונויפבינדען די ענינים, אָדער אָפּצוזונדערען, — דאָס באַמערקען זיי גאָר נישט, און דעריבער איז דאָס

איינגאַנצען פאַרגעסען געוואָרען. זיי לערנען די דאָזיגע סימנים נאָר צו קענען דעם אָנגענומענעם טראַדיציאָ־נעלען ניגון, וועלכעס דורך איהם צו מתקן זיין אין די העכערע וועלטען, און צו קענען לייענען מיט גע־שמאַק. אָבער אויסלערנען זיך זייער איינפאַכע כוונה, די סימנים פון צוזאַמענבינדען און אָפּזונדערען, ווילען זיי נישט. דעריבער ווערט בעסער ערקלערט אַן ענין מונדליך, איידער שריפטליך. דאַגעגען אָבער האָט דאָס געשריבענע אַ מעלה, דאָס עס זאָל מיט דער צייט ניט פאַרגעסען ווערען די זאַך, איז צו דעם, העלפט דער שרייבען. אָבער עס איז אונמעגליך אָנצושרייבען אַלע איינצעלהייטען פון דער ערקלערונג, וועלכע ווערען גע־געבען מונדליך. נאָר די „ראשי פרקים”, די הויפּט־ענינים, עס זאָלען דורך זיי געדענקט ווערען אלע ענינים, וועלכע זענען געזאָגט געוואָרען מונדליך, נאָר די „ראשי פרקים” די הויפּט ענינים עס זאָל דורך זיי געדענקט ווערען די ענינים וועלכע זענען געזאָגט גע־וואָרען מונדליך און עס איז געגעבען געוואָרען צו דעם צוועק געוויסע סימנים, וועלכע נוצען נאָר דעם, וועלכער האָט פריהער געלערענט מונדליך דעם ענין מיט אַן ער־קלערונג, אָבער דער, וועלכער האָט פריהער נישט גע־הערט מונדליך, וועט ניט פאַרשטעהן די ראשי פרקים פון דאָס געשריבענע. אזוי ווי איינער געפינט א רשימה פון איינעם א רעדנער, וועלכער האָט זיך פאַרצייכענט די ראשי פרקים פון די ענינים וועגען וועלכע ער וועט

רעדען, דער אָבער וואָס האָט דאָס געפונען וועט דער־
פון גאָרנישט פאַרשטעהן. און לויט דעם זענען ריכטיג
די ווערטער: דאָס וואָס עס איז געוואָרען געשריבען,
זאָלסטו נישט זאָגען מונדליך, ווייל עס איז נישט מעג־
ליך מונדליך איבערצוגעבען און צו ווייזען דעם צוהע־
רער די סימנים, דאָס וואָס עס איז אָנגעוואונקען
אין דאָס אָנגעשריבענע. און ווידער מונדליכע ענינים,
דאָס הייסט: וואו עס פאָדערט זיך אַ ברייטע ערקלע־
רונג פון דעם ענין גופא, — זאָלסטו עס נישט געבען
שריפטליך, ווייל דאָס געשריבענע וועט נישט ערקלע־
רען אַזוי גוט דעם ענין.

**דעריבער** בעט איך אייך, מיינע הערען, אויסצוהע־
הערען מיין פאָרטראַג פון אָנהויב ביז צום
סוף. איך צווינג אייך נישט מיט געוואַלד, נאָר איך רעד
צו אייך מיט'ן לשון פון דעם נביא ישעיהו: „לכו נא
ונוכחה" (געהט לאָמיר זיך דורכרעדען). דער נביא
זאָגט נישט „באו ונוכחה", וואָס דאָס באַדייט, קומט צו
מיר, נאָר ער זאָגט „לכו נאָ ונוכחה", — דאָס הייסט:
דער נביא זאָגט, געהט זיך אין אייערע וועגען, אָבער
ונוכחה, לאָמיר זיך אַמווייניגסטען דורכשמועסען, לאָ־
מיר נאָר אַ וויכוח האָבען, מען זאָל זעהן, ווער עס האָט
רעכט. אַזוי אויך איך, מיינע הערען, זאָג צו אייך:
הערט נאָר אויס מיינע רייד און דערנאָך קלייבט אייך
אויס, וואָס צו טאָן און טהוט, ווי אייך געפעהלט.

# דער נאַציאָנאַליזם און די בירגערשאַפט

**מיינע געעהרטע הערען!** דער דאָקטאָר מר . . .
וועלכער געפינט זיך מיט אונז אין דעם דאָ־
זיגען זאַל, האָט פארטיידיגט די אַסימילאַטאָרען און
האָט קריטיקירט די נאַציאָנאַליסטען. איך וועל איהם
ענטפערען אויף זיינע רייד מיט א אָרדנונג, לויט ווי ער
האָט גערעדט, על ראשון—ראשון, ועל אחרון—אחרון.

**א)** דער דאקטאר האָט געזאָגט, אז איהם איז נישט
פאַרשטענדליך: ווי אַזוי פאַרלאַנגען די אידען
גלייכע רעכט אין די גלות-לענדער, וואו זיי וואוינען
און צו וועלען געניסען פון די רעכט, וואָס די רעגירונג
גיט די בירגער פון דעם לאַנד, אין דער צייט, ווען זיי,
די נאַציאָנאַלע אידען, קומען און ערקלערען עפענטליך,
אז זיי האָבען א באזונדערע נאַציאָנאַליטעט און
שפּראַך, אנערקענענדיג זיך אַלס פאָלק, וועלכעס באַ־
זיצט א אייגענע לאַנד, שפּראַך און קולטור, און אויב
אזוי מיט וועלכען רעכט פאָדערען זיי אין אלע ערטער
וואו זיי וואוינען בירגער-רעכט, דאָס מאַכט דאָך זיי צו
שאַנד און צו שפּאָט.

**ב)** דער דאקטאר האָט געזאָגט, אז די נאַציאָנאַליסטען
פאַראורזאַכען די פאַרפאָלגונג פון די אידען.
ווען נישט די נאַציאָנאַליסטען, וואָלט אַזוי פיעל אי־
דישע בלוט נישט פאַרגאָסען געוואָרען. די נאַציאָנאַ־

ליסטען מיט זייער נאַציאָנאַליזם וועקען די פיינדשאַפט.
ג) דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז אין אַלגעמיין איז
איהם נישט פאַרשטענדליך דער ענין נאַציאָ-
נאַליזם און דער באַגעהר אויפצו לעבען אַן אַלטע שפּראַך אין דער צייט וואָס מיר געפינען זיך אין אַ לאַנד וועלכע האָט אַ לעבעדיגע שפּראַך מיט אַ גרויסע און ברייטע ליטעראַטור. אין זיינע אויגען זיינען די נאַ-ציאָנאַליסטען די גרעסטע פאַנטאַזיאָרען, בעסער וואָלט געווען ווען די אידען וואָלטען אַנערקענט די אויבער-הערשאַפט און דינסט פון די אסימילאַטאָרען און זיך אונטערגעוואָרפען די דינסט פון די אסימילאַציע פיה-רער, ווייל זיי ווינשען נאַר גוטס פאַר אידען און זיי זיי-נען אויך קלאָר אין ענין פון פאָלקס פיהרונג, און נאָר דורך זיי וועלען מיר צוקומען צו גלייכבאַרעכטיגונג, און מיר וועלען זיך אויסגלייכען אונזערע ביינער. אָבער די ציוניסטען און נאַציאָנאַליסטען, זיי ווינשען גאָרנישט די טובה פון דעם פאָלק. פאַרקערט, זיי האָבען נאָך פאַרגעניגען פון אידישע צרות, אלס ביישפּיל קענען מיר אָנווייזען אויף דעם וואָס ביי יעדער צרה וואָס זאָל נאָר נישט טרעפען אין דער אידישער וועלט, ווערט באַלד אַ ליאַרעם אין דער ציוניסטישער מחנה און זיי נוצען אויס די אידישע צרה לטובת זייער פּאַרטיי. די אַלע רייד וועלכע דער געעהרטער דאָקטאָר האָט גע-רעדט, האָב איך איבערגעזעצט אַ פּינקטליכע איבער-זעצונג, און איצט וועל איך איהם ענטפערען לויט'ן אָרדענונג.

**געעהרטער דאקטאר!** אין דער חכמה פון קער־
פערליכע היילונג ווייסען מיר אָפּצושאַצען
דיין גרויסע ווערדע, אָבער נישט אין דער חכמה פון
גייסטיגער היילונג. די גייסטיגע לעהרע איז בכלל גאָר
אַן אַנדער חכמה, וועלכע האָט נישט קיין שום צוזאמענ־
האַנג מיט דער קערפּערליכער לעהרע. כדי צו רעדען
וועגען דעם פאָלקס גייסט, דאַרף מען קענען דעם פאָלק
אינערליך, צו קענען זיין גייסטיגע אייגענשאפט און זיין
געשיכטע. געעהרטער דאקטאר! איך וועל דיך נישט
באַשווערען מיט צופיעל באווייזען, איבערבעטענדיג
דיין כבוד, אז דו ביזט זיך טועה פון אָנהויב ביז צום
סוף. איך וועל זיך נאָר באַגנוגענען מיט איניגע באַוויי־
זען, אָבער קלאָרע און ריכטיגע פון אונזער געשיכטע.
ערשטענס וועל איך ברענגען איין איבערצייגענדען
ביישפּיעל געגען דיינע אויספיהרונגען, וועלכען יעדער
אידיש קינד וועלכער האָט נאָר געלערענט חומש אין
חדר ווייס איהם. מיט פיעל יאָהרען צוריק איז געווען
א איד מיט דעם נאָמען יוסף. ער איז געווען דער ערש־
טער איד, וועלכער איז פאַרטריבען געוואָרען פון זיינע
עלטערענס הויז אין א פרעמדען לאַנד, האָט געליטען
אין זיין גלות א סך צרות. ס'האָט מיט איהם אויך פּאַ־
סירט, אז צוליעב א פאַלשען בלבול איז ער ארעסטירט
געוואָרען און ארייגעזעצט געוואָרען אין תפיסה. נאָך
זיין באפרייאונג פון תפיסה האָט ער באקומען גלייכ־
בארעכטיגונג און איז דערהויבען געוואָרען ביז צו דער
שטופע פון שני למלך. מיט זיינע גרויסע פעאיגקייטען

האָט ער געראַטעוועט דאָס לאַנד פון הונגער און נויט. מיט זיין גאַנצען הארצען, מיט לייב און לעבען, איז ער געווען איבערגעגעבען דעם לאַנד וועלכע האָט איהם דערהויבען צום העכסטען גליק און הערשאפט. ער האָט אויסגעארבייט גלייכבארעכטיגונג אויך פאר זיינע ברי־דער, אזוי ווי עס איז געשריבען: „ויאמר פרעה אל יוסף לאמר אביך ואחיך באו אליך ארץ מצרים לפניך היא במיטב הארץ הושב את אביך ואת אחיך ישבו בארץ גושן". פרעה האָט געזאָגט צו יוסף'ן פאָלגענדעס: דיין פאָטער און דיינע ברידער זיינען געקומען צו דיר, דאָס לאַנד מצרים איז פריי פאר דיר, אין דעם בעסטען טייל פון לאַנד קאָנסטו באזעצען דיין פאָטער און דיינע ברי־דער, זאָלען זיי זיך באזעצען אין דער לאַנד גושן (ווייל יוסף האָט געבעטען פאר זיי דאָס לאַנד גושן) און דו ווייסט, אז עס געפינען זיך צווישען זיי ארענטליכע מענשען, זאָלסטו זיי מאַכען פאר עלטסטע איבער מיינע פיה. ביי יוסף'ס לעבען האָט זיך זיין פאַמיליע געשפירט אלס אַנגעזעענע בירגער מיט אלע איינצעלהייטען, און יוסף איז דאנקבאר געווען דעם לאַנד. די מלוכה איז רייך געוואָרען דורך איהם, אזוי ווי אין פסוק איז גע־שריבען „ויבא יוסף את הכסף ביתה פרעה", (יוסף האָט אריינגעבראכט דאָס געלד צו פרעה'ן). זעהען מיר דאָך, אז יוסף איז געווען א לאָיאַלער בירגער, איבער־געגעבען מיט אלע זיינע כוחות צו דעם לאַנד וואו ער האָט געוואוינט, פונדעסטוועגען האָט איהם דאָס מצרי־שע בירגערשאפט נישט געשטערט צו זיין א הייסער

נאַציאָנאליסט, איבערגעגעבען צו זיין פאָלק און לאנד. זיין לעצטע בקשה פאר זיין טויט צו זיינע ברידער, איז געווען: „פקד יפקד אלקים אתכם והעליתם את עצמותי מזה אתכם", (ווען ג־ט וועט זיך אין אייך דערמאנען און וועט אייך ארויסנעמען פון דעם לאנד, זאָלט איהר מיטנעמען מיינע ביינער מיט זיך). ביי זיין לעבען האָט ער נישט געהאַט די מעגליכקייט ארויסצוגעהן פון גלות, ער האָט אָבער זיך באמיהט, אז כאָטש אמווייניגסטען נאָך זיין טויט זאָל ער אויסגעלייזט ווערען פון גלות. ער האָט נישט געוואָלט באגראָבען ווערען אין די קברים פון די מצרי'שע קעניגען אונטער די פיראמידען, איינבאַלזאַמירט ווערען אויף א קעניגליכען שטייגער. ער האָט בעסער געוואָלט אז זיינע ביינער זאָלען פוילען אין די קברים פון זיינע עלטערען אין ארץ ישראל. און אין דעם וועג, אין וועלכער א מענש וויל געהן, דאָרט פירט מען איהם. ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים „ויקח משה את עצמות יוסף עמו", האָט משה מיטגע־נומען יוסף'ס ביינער מיט זיך.

**עס ווערט געבראַכט** אין מדרש רבה פרשת ואתחנן אויף דעם פסוק: „אדני אלקים, אתה החלות", — משה האָט געזאָגט צו ג־ט: „רבונו של עולם, יוסף'ס ביינער זיינען אריין אין לאַנד און איך קום נישט אריין". האָט איהם ג־ט געענטפערט: ווער עס האָט זיך באקענט צו זיין לאנד, דער דאַרף באגראָבען ווערען אין זיין לאנד, און דער וועלכער האָט

זיך נישט געוואָלט באַקענען צו זיין לאַנד, דער זאָל נישט באַגראָבען ווערען אין זיין לאַנד. יוסף, ווען פּוטיפר׳ס ווייב זאָגט „ראו הביא לנו איש עברי", ליי־קענט ער נישט אָב, פאַרקערט, ער זאָגט נאָך אליין: „גנב גנבתי מארץ העברים", איך בין פון דער אידישער לאַנד, דערפאַר איז ער באַגראָבען געוואָרען אין זיין לאַנד, ווי עס איז געזאָגט: „ואת עצמות יוסף אשר העלו בני ישראל ממצרים קברו בשכם" (יוסף׳ס ביינער, וועלכע די אידען האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט פון מצרים האָבען זיי באַגראָבען אין שכם). דו האָסט נישט געוואָלט זיך באַקענען צו דיין לאַנד, וועסטו נישט באַ־גראָבען ווערען אין דיין לאַנד. יתרו׳ס טעכטער זאָגען: „איש מצרי הצילנו מיד הרועים" (א מענש א מצרי האָט אונז געראַטעוועט פון די פּאַסטוכער׳ס הענט) און ער הערט און שווייגט, דאַריבער דאַרף ער נישט באַ־גראָבען ווערען אין זיין לאַנד. פון דעם זעהען מיר אז דאָס וואָס יוסף איז געווען א הייסער נאַציאָנאַליסט איבערגעגעבען צו זיין לאַנד און פאָלק, האָט איהם גאָר נישט געאַרט צו קענען זיין אַ לאָיאַלער בירגער אין דעם לאַנד וואו ער האט געוואוינט, און אויף די רייד פון דעם געעהרטען דאָקטאָר, אַז די נאַציאָנאַליסטען פאַראורזאכען די רדיפות אויף אידען, אז ווען נישט די נאציאָנאליסטען וואָלט נישט פארגאָסען געוואָרען אזוי פיעל אידישע בלוט, אז זיי מיט זייער נאציאָנאליזם דערוועקען פיינדשאפט ביי די פעלקער צו אונז, און ווען די אידען וואָלטען געפאָלגט די עצה פון די אסי־

מילאטאָרען, אוועקצואוואַרפען די אלטע שפראך, וואָס זיי האָבען מיט זיך מיטגענומען פון מזרח, און לערנען די שפראך און ליטעראטור פון דעם לאנד וואו מיר געפינען זיך, דאן וואָלטען מיר זיך נישט אונטערשיידעט פון אלע פעלקער, און מיר וואָלטען באקומען גלייכע רעכט, אויף די אלע דאָזיגע טענות וועל איך איהם ענטפערען מיט ביישפילען גענומען פון אונזער געשיכטע.

## זיך נישט אויסצומישען צווישען די פעלקער און זיך נישט צו באַווייזען פאַר זיי

**די שפאַנישע עפּאָכע** און די עפּאָכע פון דעם רוסישען קייזער אלכסנדר דער צווייטער, וועלען איבערצייגען. די זון האָט א שיין געטאָן אין די פענסטער פון אונזער פאָלק, אַ גרויסער טייל פון אונז האָבען אָפּגעווישט זייער נאַציאָנאַליזם. אַנשטאט די העברעאישע שפראך האָט גענומען קלינגען די פרעמדע שפראכען, אָבער פלוצלונג איז די זון אונטערגעגאנגען. די גאָלדענע עפּאָכע איז אריבער סיי אין שפאַניע, סיי אין רוסלאנד. אין שפאניע איז אויפגעשטאַנען דער צורר היהודים ט. טארקעוומאדא י״ש, האָט באדעקט מיט פינסטערניש די שפאנישע הימלען, מיט זיין שענדליכען פאַנאַטיזם און זיין גרויסע שנאה צו אונזער

פאָלק, און אממייסטען האָבען געליטען די, וועלכע האָ־
בען זיך דערנענטערט און זיך אויסגעמישט צווישען די
שפּאַניער, זיי זיינען געווען די ערשטע קרבנות אויף
דעם אויטאָ־דאַ־פע. דער סוף איז געווען, אז מיר זיינען
פארטריבען געוואָרען פון דעם לאַנד נאַקעט אזוי ווי
מיר זיינען ארוים פון דער מוטער'ס בויך. אויך אין
רוסלאַנד, גלייך נאָך דעם טויט פון קייזער אלכסנדער
דעם צווייטען, האָבען זיך אָנגעהויבען די פּאָגראָמען פון
די אכטציגער יאָהרען, און די מאסען פון אונזער פאָלק
זענען געוואָרען הפקר פאר יעדען מערדער און רויבער.

**זיך צו היטען** פון אסימילאציע האָבען אונז שוין לאנג
געוואָרענט די חכמי התלמוד און בכלל זיך
נישט צו וואַרפען זיי צופיעל אין די אויגען. עס ווערט
געבראַכט אין מסכת בבא בתרא, דף ע"ג: „ואמר רבה
בר בר חנא: זמנא חדא הוה קאזלינן בספינתא
וחזינן ההוא כורא דיתבא ליה חלתא אגביה, וקדחא
אגמי עילויה. סברינן, יבשתא היא, וסלקינן ואפינן
ובשלינן אגביה. וקדחא אגמא עילויה. סברינן, יבשתא
היא, וסלקינן, ואפינן, ובשלינן אגביה, וכד חם גביה
איתהפך. ואי לאו דהוה מקרבא ספינתא, הוה טבעינן".
(רבה בר בר חנה זאָגט: איינמאָל זענען מיר געפאָה־
רען אויף אַ שיף, האָבען מיר דערזעהן אויפ'ן ים אַ
פיש, אויף וועלכען עס איז געלעגען אַ גרויסע שיכט
ערד אויף זיין רוקען, און גראָז איז אויף איהם געוואָק־
סען, האָבען מיר געמיינט, אַז דאָס איז יבשה, זענען

מיר אויף איהם אַרויף, האָבען געבאַקען און געקאָכט אויף איהם. און ווען דער רוקען האָט זיך דערהיצט, האָט ער זיך אָנגעהויבען צו וואַרפען, און ווען די שיף וואָלט נישט געווען נאָהענט, וואָלטען מיר דערטרונקען געוואָרען). אין מיין ספר, אין דעם מאמר וועגען אגדה, האָב איך געשריבען, אַז די אגדה ווערט געטיילט אין פאַרשידענע טיילען. היינו: אַ מאָראַלישער טייל, „הגזמה", איבערטריבענער טייל, און אַ היסטאָרישער און דיפּלאָמאַטישער טייל. ווי איך האָב דאָס אויפגעוויזען פון פאַרשידענע מאמרים. רבה בר בר חנה קערט צו די בעלי התלמוד, וועלכע האָבען זיך אינטערעסירט מיט דיפּלאָמאַטיע, אַזוי ווי מיר געפינען אין מסכת גיטין, דף ט"ז: „רבה בר בר חנה חלש על לגביה רב יהודה ורבה לשיולי ביה, בעו מיניה, שנים שהביאו גט ממדינת הים וכו', אדהכי אתי ההוא חברא (פרסי) שקלה לשרגא מקמייהו. אמר, רחמנא, או בטולך און בטולא דבר עשו". (רבה בר בר חנה איז שלאַף געוואָרען. זענען געקומען צו איהם רב יהודה און רבה, איהם מבקר חולה זיין. האָבען זיי איהם געפרעגט, ווי איז אַז צוויי מענשען האָבען געבראַכט אַ גט פון מדינת הים א. א. וו. אין דעם איז אַריינגעקומען אַ פערסיאַנער און האָט זיי צוגעכאַפּט די ליכט. האָט רבה בר בר חנה געזאָגט: רבונו של עולם, מיר זאָלען זיין ביי דיר, אָדער ביי עשו'ן אין גלות). עס איז געווים, אַז זיין מאמר אין בבא בתרא קערט אויך צו דעם חלק פון דיפּלאָמאַטיע, און זיינע רייד זענען גע־

זאָגט געוואָרען פאַרשטעלט, אַזוי ווי דער שטייגער פון די דיפּלאָמאַטען, וועלכע רעדען אויף אַזאַ שפּראַך, אַז נישט אַלע זאָלען קענען פאַרשטעהן, נאָר יחידי סגולה. און פיליכט איז ער אויסען געוועזען מיט זיין מאמר צו שילדערען די לאַגע פון אונזער פאָלק „דאזלי בספינתא", וועלכע געפינען זיך, ווי אויף אַ שיף, דאָס הייסט: זיי וואַנדערען אַרום פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען. די פאָלקס-שיף שווימט פון ים צום ים. די וועללען רוישען און ווילען איהר דערטרינקען. אין דעם דערזעהען זיי אַ פיש אויפ'ן ים, וואָס איז באַדעקט מיט ערד, דאָס הייסט: אַ גרויסע פאָלק, וואָס איז גלייך צו איינעם פון די גרעסטע שיף אין ים, וועלכע שלינגען איין די קלענערע פון זיי, „יתבא ליה חלתא אגביה", דאָס הייסט: ער האָט געגעבען אונזער פאָלק אַנ'אָרט אויף זיין לאַנד זיך צו באַזעצען. אונזער פאָלק טראַכט זיך, אַז ער האָט שוין געפונען אַ רוהיגען אָרט פאַר זיך, „ואפינן ובשלינן אגביה", האָבען מיר אָנגעהויבען אויף איהם צו באַקען און צו קאָכען, דאָס הייסט, אונזער פאָלק האָט זיך אָנגעהויבען צו פיהרען אין דער דאָזיגער מדינה אַזוי ווי ביי זיך, אָבער „וכד חם גביה", ווען דעם פיש'ס רוקען האָט דערפילט די וואַרעמקייט, עס האָט זיך אין איהם צוקאָכט זיין בלוט, און קען נישט ליידען, אַז פרעמדע זאָלען וואוינען אין זיין לאַנד און לעבען, ווי אַ מענש, „אתהפיך לפתאם", איז ער איבערגעקערט געוואָרען, פּלוצלינג געוואָרען גאָר אַנדערש, נישט צו דערקענען, און אָנגעהויבען צו

טרייבען, „ואי לאו דהוה מקרבא ספינתא הוה טבעינן" — ווען עס וואָלט נישט געווען נאָהענט אַ שיף וואָל־טען מיר דערטרונקען געוואָרען, ווען ג־ט וואָלט אונז נישט צוגעגרייט באַלד אַנ׳אַנדער לאַנד, וועלכע זאָל אונז אויפנעהמען, ווער ווייס וואָס מיט אונז וואָלט געשעהן?!

**רבה בר בר חנה** לעהרענט אונז, אַז מיר זאָלען ניט פאַרגעסען אין די אַלע גלות־לענדער, אַז מיר זיצען אויף אַ רוקען פון אַ פיש, אַז אונזער מקלט איז נישט קיין געזיכערטער, אַז אין יעדער מינוט קען דער פיש זיך איבערקערען, און אונזער גאַנצע מיה און פראַ־צע זאָל ווערען צו־נישט, און מיר זאָלען ווידער גע־צוואונגען זיין צו וואַנדערען נאַקעט און בלויז, און אַז די אַלע בנינים, וועלכע מיר בויען אין גלות, בויען מיר אויף אַ רוקען פון אַ פיש, די בנינים קענען נאָר שטעהן אויף איהם, ביז ער דערהיצט זיך, און יעדע מינוט קען ער זיך דערהיצען, ווייל סוף כל סוף איז דאָך די נאַ־טור זיינע צו שלינגען און ווי קען ער בייטען זיין נאַ־טור, זעהענדיג ווי מענשען באַקען און קאָכען אויף זיין רוקען, אפילו ווען דאָס באַקען און קאָכען וואָלט נישט געווען אויף זיין רוקען, וואָלט דאָס איהם אויך שווער געווען צו זעהן מיט זיינע אויגען, ווי מענשען לעבען, עסען און טרינקען, און מכל שכן, אַז דאָס באַ־קען און קאָכען קומט פאָר אויף זיין רוקען, און די דערהיצונג מוז קומען און נאָך דער דערהיצונג מוז

קומען די איבערקערעניש. אויסער דאָס נישט אויס-מישען זיך מיט די פעלקער, דאַרפען מיר בכלל זיך נישט וואַרפען זיי אין די אויגען, זיך נישט ווייזען פאַר זיי ווי מיר לעבען. דאָס האָט שוין יעקב אבינו אונז געוואָרענט: „למה תתראו" — צו וואָס זאָלט איהר זיך באַווייזען. בעת מיר זענען הונגעריג, זעהען זיי אונז נישט, נאָר שטענדיג דערזעהען זיי אונז, ווען מיר עסען. אַלע בנינים, וואָס מיר בויען אין די גלות-לענדער, איז גלייך, ווי מיר וואָלטען געבויט אויף אייז און ווען די זון דערוואַרעמט און דער אייז צוגעהט, זענען די בנינים גלייך, ווי זיי וואָלטען נישט געווען. און דאָס וואָס דער געעהרטער דאָקטאָר ראָט אונז זיך אונטערוואַרפען די אָנפיהרונג פון די אַסימילאַטאָרען, וועלכע איז פאַר אונז גינסטיג און דורך איהר וועלען מיר געהאָלפען ווערען, מוזען מיר ליידער זאָגען:

## „מהרסיך ומחריביך ממך יצאו"

**(דיינע צושטערער און פאַרניכטער קומען פון דיר אַרויס)**

**געעהרטער** דאָקטאָר! לאָמיר נאָך דורכמישען איי-ניגע בלעטער אין אונזער געשיכטע פון דער פאַרגאַנגענהייט און פון דער געגענוואַרט, וועלען מיר זעהן, ווער זענען געווען די, וואָס האָבען אָנגע-רייצט אנטיוכס'ן איינצונעהמען ירושלים און אַרויסצו-געבען גזרות פון שמד און פאַרניכטונג אויף אונזער פאָלק? די אָנרייצער זענען נישט געווען יונים, אָדער

אדומים, נאָר פאַררעטערישע ברידער — די אַסימילאַ־
טאָרען, ווי מאַנילאוס און אלקימוס, וועלכע האָבען גע־
געסען חזיר עפענטליך. נישט איינמאָל האָבען זיי אונז
פאַר׳מסר׳ט פאַר׳ן גריכישען קעניג, אַז מיר זענען
מורדים במלכות (געגען דער מלוכה), און ווילען נישט
אָננעהמען זייער קולטור און אַ באַווייז אויף דעם, אַז
די כהנים ווילען נישט מקריב זיין קיין קרבן פאַר׳ן קע־
ניג׳ם בילד. און היינט אין אונזערע צייטען, וואָס מיר
לעבען, ווען עס זענען אויסגעבראָכען פּאָגראָמען און
פיעל קרבנות אידישע זענען געפאַלען, און אַז פון אַ
קולטורעלער מדינה איז געשיקט געוואָרען אַ דעלע־
גאַט אויסצופאָרשען די סבה, וועלכע האָט געבראַכט
צו די פּאָגראָמען, האָט זיך דען נישט געפונען ביי אונז
אַ ברודער אַ פאַררעטער פון די אַסימילאַטאָרען, וועל־
כער האָט פאַר׳מסר׳ט פאַר׳ן דעלעגאַט, אַז אונזערע
ברידער זענען שולדיג אין די פּאָגראָמען? הערר דאָק־
טאָר! ווער זענען דאָס די, וועלכע גיבען אָפּטמאָל
אָפּ אַ באַדייטענדע צאָל פון זייערע זיהן און טעכטער
אַלס מעשר פאַר די אמונות פון אַנדערע פעלקער?
דאַכט זיך, אַז שוין נישט איינמאָל איז פאַרעפענטליכט
געוואָרען אין די צייטונגען, אַז די מעשר־געבער זענען
די אָנפיהרער פון די אַסימילאַטאָרען. זאָל נאָר דער
הערר דאָקטאָר באַווילליגען זיך אָפּגעבען אַ חשבון, צי
עס לויענט פאַר אונזער פאָלק זיך אויסצוּוועהלען אַזעל־
כע פיהרער? און איצט וועל איך איהם פאַרשטעלען
די נאַציאָנאַליסטען און זייערע מעשים פון דער פאַר־

גאַנגענהייט, און דערפון וועלען מיר משער זיין זיי און זייערע מעשים אויך אין דער געגענוואַרט.

**דעמאָלסט** אין די צייטען פון אנטיוכס הרשע, ווען דער גריכישער בעאַמטער פיליפוס האָט לויט דעם באַפעל פון קעניג געדריקט אונזער פאָלק און האָט זיי געצוואונגען עובר צו זיין אויף זייער רעליגיאָן, ווען ער האָט באַפעהלען דעם נאַציאָנאַליסט אלעזר הכהן צו עסען פון דעם פלייש, וועלכעס איז מקריב געוואָרען פאַר אנטיוכס׳ס בילד און אויב ער וועט נישט פאָלגען, וועט ער איהם טויטען, און ווען דער כהן האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען, האָט איהם פיליפוס איינגערעדט, אז ער זאָל אמווייניגסטען זיך מאַכען ווי ער עסט, און דערמיט וועט ער ראַטעווען זיין לעבען, אָבער דער נאַציאָנאַליסט האָט בעסער אויסגעוועהלט צו שטאַרבען אַלס הייליגער, און נישט צו פאַרשמוצען זיין פאָלק.

**אין מסכת בבא קמא** געפינט זיך: תנו רבנן: כשצרו בית החשמונאים זה על זה, היה הורקנוס מבפנים ואריסטובלוס מבחוץ, ובכל יום ויום היו משלשלים להם בקופה דנרים והיו מעלים להם תמידים. היה שם זקן אחד שהיה מכיר בחכמת יונית, אמר להם, כל זמן שעוסקים בעבודה אין נמסרים בידכם. למחר, שלשלו דנרים והעלו להם חזיר. כיון שהגיע לחצי החמה נעץ צפרניו בחומה ונזדעזעה ארץ ישראל ארבע מאות פרסה על ארבע מאות פרסה.

באותה שעה אמרו: ארור האיש שילמד את בנו חכמת יונית". — (ווען די משפחה חשמונאים האָבען זיך געקריגט צווישען זיך, איז הורקנוס געווען אינע־ווייניג און אריסטובלים אויסענווייניג, און יעדען טאָג האָבען די, וואָס זענען געווען אינעווייניג אראָפּגעלאָזט פון מויער אין אַ קויש געלד און פון אויסענווייניג האָט מען זיי ארויפדערלאַנגט אַ בהמה אויף מקריב צו זיין דעם קרבן תמיד, האָט זיך דאָרטען געפונען אַן אַל־טער מאַן, וועלכער האָט געקענט חכמת יונית, האָט ער געזאָגט צו זיי: כל זמן זיי זענען עוסק אין עבודה, זיי זענען מקריב קרבנות, וועלען זיי נישט איבערגעבען ווערען אין אייערע הענד. אויף צומאָרגענס, ווען מען האָט אראָפּגעלאָזט אין דעם קויש געלד, האָט מען צו זיי אַרויפגעשיקט אַ חזיר. ווען דער חזיר האָט דערגרייכט ביז צום האַלבען מויער, האָט ער אַריינגע־שטעקט זיינע נעגעל אין מויער, דאַן האָט זיך ארץ ישראל אַ טרייסעל געטאָן פיער הונדערט מייל אויף פיער הונדערט מייל. אין יענער צייט האָט מען גע־זאָגט: פאַרשאָלטען זאָל זיין דער מענש, וועלכער וועט האָדעווען חזירים, און פאַרשאָלטען זאָל זיין דער מענש וועלכער וועט לערנען זיין זוהן חכמת יונית). דער דאָזיגער ביישפּיעל פון דער היסטאָריע וועט אונז לער־נען וועגען די נוצען, וואָס דער זקן האָט געבראַכט מיט זיין גריכישער קולטור, און דעם נוצען פון האָדע־ווען חזירים. אונזער לאַנד האָט זיך אַ טרייסעל גע־טהאָן פון איין עק ביז צום צווייטען עק פון דער גריי־

כישער קולטור און פון די חזירים-צוכט. דאס איז אנגענומען געווארען צווישען די רייהען פון פאלק, אז פארשאלטען זאל זיין דער מענש, וועלכער גיט זיך אפ מיט חזירים-צוכט און פארשאלטען זאל זיין דער מענש, וועלכער ערציהט זיינע קינדער אין דער גריכישער קולטור. — נידער מיט אזעלכע זקנים פון דער מחנה ישראל!

**מיר נויטיגען זיך אין זקנים, וועלכע זענען ערצויגען** געווארען אין אונזערע ישיבות, וועלכע האבען געלערענט אונזער תורה, אונזער קולטור, אונזער שפראך. און זאל נישט ארויפגעהן ווען עס איז אויפ'ן געדאנק, אז מיר זענען א פינסטערער עלעמענט און פיינד פון חכמה. אונזערע חכמים האבען שוין לאנג געזאגט, אין מסכת מגילה, דף ט"ז: „כל האומר דבר חכמה אפילו באומות העולם נקרא חכם". (יעדערער, וועלכע זאגט חכמה, אפילו פון אנ'אנדער פאלק, ווערט אויך גערופען חכם). פארשטעהט זיך, אז אונזערע חכמים זענען אויסען געוועזען מיט'ן דאזיגען מאמר צו זאגען: אז אויך אזלעכע חכמים קומט דער געהעריגער כבוד, ווי עס פאסט פאר א חכם. אלע חכמות זענען אונז טייער, אבער צו פארבייטען אונזער חכמה אויף דער חכמה פון אנדערע פעלקער, אזא זאך טהוט נישט דער, וועלכער איז געטריי זיין פאלק און זיין לאנד, און אויב מיר נויטיגען זיך אין שתדלנים פאר'ן פאלק, האבען מיר אונזערע אייגענע, די וועלכע הא-

בען געלערענט אונזער חכמה, און זענען ערצויגען גע־וואָרען אין אונזער גייסט, און באַזיצען אויך פרעמדע חכמות און שפּראַכען, אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט, אין מסכת בבא קמא, דף פ״ג: „של בית רבי גמליאל התירו לספר בחכמת יונית מפני שקרובים למלכות״ (רבי גמליאל׳ס פאַמיליע האָט מען ערלויבט צו לער־נען חכמת יונית, ווייל זיי זענען נאָהענט צום קייזער־ליכען הויף). דערמיט זענען די חכמים אונזערע אוי־סען געווען, אַז אויב מיר ווערען זיך נוטיגען אין פרעמ־דער חכמה, זאָלען מיר האָבען אונזערע מענשען, וועל־כע וועלען זיין צוגעגרייט און פעהיג צו דעם. מיט די דאָזיגע פאָרשטעהער פון אונזער פאָלק זענען מיר זי־כער, אַז זיי וועלען נישט פעלשען זייער שליחות און וועלען חלילה נישט פאַרראַטען אונזער פאָלק און זיי־נע הייליגטימער, און די אַסימילאַטאָרען זאָלען בע־סער היטען זייער כבוד און בלייבען זיצען אין שטוב און זאָלען אָפּגעבען זייער אייגענע מעשר נישט אונ־זערע, און מיר, אָהן זייער שתדלנות, האָפען מיר צו ג־ט, אַז ער וועט מקיים זיין דאָס, וואָס ער האָט אונז צוגעזאָגט: „ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתים לכלותם״. (און אויך זייענדיג אין גלות, וועל איך זיי נישט פאַרמיאוס׳ן און נישט פאַר־אַכטען אום זיי צו פאַרניכטען). און מיט ג־ט׳ס הילף וועלען מיר קומען צו אונזער לאַנד מיט אונזער תורה, מיט אונזער שפּראַך און מיט אַלץ, וואָס איז אונז היי־ליג.

# די באַדינגונגען פון דער ליבשאַפט צו ארץ ישראל

**סנהדרין דף ק״ו.** אמר רבי יוחנן כל מקום שנאמר וישב אינו אלא לשון צער שנאמר „וישב ישראל בשטים ויחל העם לזנות אל בנות מואב״, „וישב ישראל בארץ מגורי אביו בארץ כנען ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם״, ונאמר „וישב ישראל בארץ גושן ויקרבו ימי ישראל למות״, „וישב יהודה וישראל לבטח איש תחת גפנו ותחת תאנתו ויקם שטן ה׳ לשלמה את הדד האדומי״ (אומעטום וואו עס שטעהט דאָס וואָרט וישב איז דאָרט פאָרגעקומען עפּעס א צער). דעם מאמר פון רבי יוחנן דארף מען פארשטעהן. וואָס פאר א זינד און פארברעך איז אין דעם זיצען? וואָס נאָך יעדער זיצונג זאָל דער זיצער ווערען באַ־שטראָפט מיט צער? אויב א מענש וועלכען עס ווערט מיאוס דער גלות און דאָס ארומשלעפּען זיך און וויל זיצען רוהיג, זינדיגט ער דערמיט? און מען באשטראָפט איהם מיט צער? אמת, דער גלות ברענגט נוצען די גייסטיגע ענינים פון דעם מענש, אזוי ווי אונזערע חכמים זאָגען אין פרקי אבות „גלות מכפרת עון״ (גלות בריינגט פארצייהונג פאר פארברעכען) און דער מענש וועלכער איז מבטל דעם גלות איז מבטל דאָס פארציי־

אונג פאר זיך. דאריבער שטראָפט מען איהם. דאָס איז אָבער אויך שווער צו זאָגען, דען סוף כל סוף וויל דאָך קיינער נישט קיין יסורים און נישט זייער שכר, נישט דעם גלות און נישט די טובות פון גלות. דען אויסער דעם שאָדען וואָס דער גלות און דאָס זיך ארומשלעפען שטענדיג, ברייגגט דעם מענשען אין זיינע מאַטעריעלע ענינים — אזוי ווי עס ווערט געבראכט אין רש"י הקדוש סדרה לך: „לפי שהדרך גורמת לשלשה דברים: ממעטת פריה ורביה וממעטת את הממון וממעטת את השם" (דאָס ארומוואַנדערען איז גורם צו דריי זאַכען: עס פאַרקלענערט דאָס פארמעה־רונג, עס פארקלענערט דאָס רייכטהום און דעם נאָמען). אויך ווערט געבראַכט אין מלבי"ם זצ"ל אויף דעם פסוק: „והיה כל מוצאי יהרגני". לויט דעם כלל פון דער גמרא איז אומעטום, וואו עס שטעהט „והיה" איז אַ שמחה — האָט קין גע'טענה'ט: „הלואי זאָל מען מיך הרג'ענען, וועל איך פאַרשפּאָרען צו זיין נע ונד, וועט דאָך ביי מיר זיין אַ שמחה". דער גלות איז אויך געווען איינס פון די צעהן פרובונג, וואָס אברהם אבינו איז מיט זיי געפּרובט געוואָרען — אויסער די אַלע מאַ־טעריעלע פאַרלוסטען, זענען נאָך פיעל גרעסער די פאַרלוסטען, וואָס דער מענש ליידט צוליעב'ן גלות — אין זיינע גייסטיגע ענינים. אין עירובין דף ס"ה, ווערט געבראַכט: אמר רבי אלעזר: „הבא מן הדרך, אל יתפלל שלשה ימים". (דער, וואָס קומט פון וועג, זאָל נישט מתפלל זיין דריי טעג). עס ווערט דאָרט געבראכט אין

גמרא: אַז אַזוי האָט זיך געפיהרט שמואל׳ס פאָטער, רש״י הקדוש מאָטעווירט עס דערמיט: וואָס צוליעב די מיה און אָנשטרענגונג פון דעם וועג זענען זיינע געדאַנקען נישט קלאָר. נאָך זאָגט דאָרטען רש״י: „דבדרך לא הויא בינה". (אַז אין וועג איז דער פאַרשטאַנד שוואַכער). און אויב אַזוי וואָס פאַר אַ זינד באַגעהט דער מענש מיט דעם, וואָס עס איז מיאוס געוואָרען דאָס אַרומשלעפען זיך אין גלות און האָט אויסגעקליבען בעסער צו זיצען אויף אַנ׳אָרט. פאַרוואָס שטראָפט מען איהם דערפאַר מיט צער? אום צו ערקלעהרען די כונה פון דעם דאָזיגען מאמר, וועלען מיר פריהער פרעגען אַ קשיא אין דעם מאמר, און דורך דער קשיא וועלען מיר געפינען דעם שליסעל צו דער ערקלערונג פון דעם מאמר פון ר׳ יוחנ׳ען. אויב מיר ווילען פאַרענטפערען אויף אַ קשיא, איז דער בעסטער מיטעל צו פרעגען נאָך אַ קשיא, דען דורך די פיעל קשיות ווערט קלאָר דער ענין. אַזוי ווי מיר געפינען אין מסכת בבא מציעא דף פ״ד וועגען ר׳ יוחנ׳ן: ווען ריש לקיש איז געשטאָרבען און ר׳ אלעזר בן פדת איז געזעסען פאַר ר׳ יוחנ׳ן אויף ריש לקיש׳ס אָרט, איז יעדער זאַך וואָס ר׳ יוחנן האָט געזאָגט, האָט ער איהם געבראַכט אַ ראיה פון אַ ברייתא. האָט ר׳ יוחנן געזאָגט: „וואו בים־טו בר לקישא (ריש לקיש): ווען איך האָב געזאָגט עפּעס אַ זאַך, האָט ער געפרעגט פיער און צוואַנציג קשיות און פאַרענטפערט מיט פיער און צוואַנציג תירוצים, און ממילא איז דער ענין קלאָר געוואָרען".

זעהען מיר דאָך פון ר׳ יוחנן׳ם רייד, אַז אויב מען וויל קלאָר מאַכען אַנ׳ענין, איז דער בעסטער מיטעל צו פרעגען קשיות.

**דעריבער** וועלען מיר זיך אויך באַנוצען מיט דעם מיטעל און מיר וועלען פרעגען נאָך אַ פראַגע אין דעם אויבענדערמאָנטען מאמר, און ווען מיר וועלען געפינען אַנ׳ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע, וועט אונז אפשר פאַרענטפערט ווערען אַלע פראַגען, וועלכע מיר האָבען געפרעגט.

**אָט** וואָס עס איז דאָ צו פרעגען אין דעם אויבענדער־מאָהנטען מאמר: ווען אַלע ערטער, וואו עס שטעהט ביי זיי געשריבען פון אָנפאַנג „וישב" און ביים סוף „צער", פאַרוואָס ברענגט ער זיי נישט לויט׳ן סדר, ווי זיי שטעהען געשריבען. ער האָט דאָך פריהער געדאַרפט ברענגען וישב יעקב און נאָכהער וישב ישראל בארץ גושן. און נאָכהער וישב ישראל בשטים. צו וואָס האָט ער איבערגעדרייט דעם סדר און האָט גע־בראַכט די שפּעטערדיגע פריהער?

**אום צו פאַרשטעהן** אינגאַנצען דעם דאָזיגען מאמר, דאַרפען מיר זיך אַ ביסעל פאַרטראַכטען וועגען דער ליעבשאַפט פון אַ פאָלק צו זיין לאַנד, און וואָס איז די סיבה, וועלכע האָט געווירקט, אַז דער מענש זאָל האָבען אין זיך די נאַטירליכקייט? די

ליבשאַפט פון אַ פאָלק צו זיין לאַנד קען זיין צוליעב פאַרשידענע סיבות. ס'זענען פאַראַן פיעל מענשען, וועלכע האָבען ליעב זייער פאַטערלאַנד מיט דער גרעסטער איבערגעגעבענהייט אָהן שום חקירות און מאָטיוועז פאַרוואָס זיי האָבען איהר ליב, נאָר ס'איז ביי זיי איינגעוואָרצעלט אַ נאַטירליכקייט ליעב צו האָבען זייער לאַנד, — ווייל אין איהר זענען זיי געבוירען געוואָרען, און אין איהר האָבען געלעבט זייערע על־טערען. די סיבה איז גענוג פאַר זיי צו זיין איבער־געגעבען מיט זייער לייב און לעבען צו זייער לאַנד, קעמפפען פאַר איהר ביז צו זייער לעצטען טראָפּען בלוט. די דאָזיגע ליבע איז אַ נאַטירליכע, אַנ'אינסטינקטיווע, אַזוי ווי די ליעבע פון קינדער צו זייערע עלטערען. עס איז ווידער פאַראַן מענשען, ביי וועלכע די ליעבע צו זייער לאַנד איז נישט אַ נאַטירליכע, נאָר אַ גיים־טיגע. דאָס הייסט, ווייל אין זייער לאַנד קענען זיי זיך ענטוויקלען אין זייערע מנהגים און זיטען, קענען רע־דען אויף זייער שפּראַך און לערנען זייערע חכמות אָהן שטערונג. דער אונטערשייד צווישען די צוויי קאַ־טעגאָריעס, וועלכע מיר האָבען דערמאָהנט איז אין דעם: די ערשטע קאַטעגאָריע האָט ליעב זיין ערד און נישט זיין לאַנד. און די צווייטע קאַטעגאָריע האָט ליעב זיין לאַנד און נישט זיין ערד. און ווען עס וואָלט געווען אַ מעגליכקייט, אַז די מענשען פון דער צווייטער קאַטעגאָריע וואָלטען באַקומען אַ באַזונדער ווינקעל ערגעץ וואו, אפילו אין אַנ'אַנדער לאַנד, אין

א לאַנד, וואו די ערד איז זיי פרעמד, נאָר זיי וואָלטען געקענט זיך פיהרען לויט זייערע מנהגים, צו רעדען אויף זייער שפּראַך און צו שאַפען פאַר זיך און פאַר זייער פאָלק א גייסטיגען צענטער, — דאַן וואָלטען זיי אפשר פאַרציכטעט אויף זייער פאָטערלאַנד און וואָלטען זי גאָרנישט געפאָדערט, נאָר זיי וואָלטען געווען איבער־געגעבען צו דער לאַנד, אין וועלכער זיי געפינען זיך, אַבוואָהל נישט זיי און נישט זייערע עלטערען זענען אין איהר געבוירען געוואָרען. און דאָס זעלבע איז אויך מיט דער ערשטער קאַטעגאָריע, וועלכע האָבען ליעב נאָר די ערד און נישט די לאַנד, כאָטש אין דעם איז אויך פאַרהאַן פיעל העכערע גייסט, אָבער אין גרעס־טען טייל איז דער מענש פון דער קאַטעגאָריע איינפאַך אַנ׳ערד־מענש, וועלכער קען פאַרציכטען אויפ׳ן גייסט און אויף דער שפּראַך און אויף נאָך עפּעס.

**נאָך איין קאַטעגאָריע** איז פאַרהאַן, וועלכע ליעבען זייער לאַנד, נישט צוליעב די אויבענדער־מאָהנטע מאָטיווען, וואָס ביי די ערשטע צוויי קאַטע־גאָריעס, דאָס הייסט, צוליעב די ליעבע צו פאָטערלאַנד, אָדער צוליעב דעם, וואָס אין זייער לאַנד קענען זיי זיך ענטוויקלען אין זייער קולטור. די אויבענדערמאָהנ־טע מאָטיווען קענען נישט אינטערעסירען דער דריי־טער קאַטעגאָריע. די האָבען ליעב זייער לאַנד, ווייל זי איז א פרוכטבאַרע לאַנד, און די ערד איז א פעטע, און איהר פּראָדוקציע ווערט עקספּאָרטירט אין דער גאַנ־

צער וועלט. די דריי אויבענדערמאָהנטע קאַטעגאָריעס הייסען פאַלקיסטען, ליעבהאָבער פון זייער לאַנד. זיי אונטערשיידען זיך נור אין די מאָטיווען: ביי יעדער איינער פון זיי איז דאָ אַנ׳אַנדער מאָטיוו און אַנ׳אַנדער באַגריף, יעדע איינע מאָטיווירט זיין ליעבע לויט זיין באַגריף און מיינונג. עס איז נאָך אָבער פאַרהאַן אַ פיערטע קאַטעגאָריע. דאָס הייסט, מענשען, וועלכע האָבען קיין שום באַגריף נישט וועגען ליעבע צו אַ לאַנד און ביי זיי איז נישטאָ קיין אונטערשיעד פון איין לאַנד ביז א צווייטער, וואָס פאר אַ לאַנד עס זאָל נישט זיין. די הויפּט-זאַך ביי זיי איז דאָס מאַטעריעלע לעבען, און אויסער עסען און טרינקען און דאָס גלייכען, עקזיסטירט פאַר זיי נישט אויף דער וועלט.

## די ליעבעס באַדינגונגען פון אונזער לאַנד איז אַנדערש ווי די ליעבעס באַדינגונגען פון די איבעריגע לענדער

**מיר די קינדער** פון אברהם, יצחק און יעקב, וועמען ג-ט האָט צוגעזאָגט צו געבען ארץ ישראל, צוליעב זיין ליעבשאַפט צו אונזערע אבות, וועלכע ער האָט זיי אויסדערוועהלט צו געבען זייערע קינדער יענע לאַנד, וואָס אויסער זי איז אַ לאַנד, וועלכע פליסט מילך און האָניג, האָט זי נאָך אַ מעלה, וואָס זי איז אַ לאַנד, וואָס ג-ט׳ס אויג איז אויף איהר שטענדיג, און די לופט איהרע איז גייסט, אין איהר איז דאָ

גערעכטיגקייט, די תורה, די נבואה און די פּאָעזע, — דאָרטען איז: די ערד און הימעל קושען זיך, די תורה און די ערד זענען צוזאַמענגעבונדען. אַ גרויסער טייל פון די מצוות התורה איז אָפּהענגיג פון דער ערד. און דאָס וואָס די נביאים, די תנאים און אמוראים האָבען אזוי היים געליעבט ארץ ישראל, איז געווען צוליעב דער פארבינדונג פון דער תורה מיט דעם לאַנד. אזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת סוטה דף י״ד: „דרש רבי שמלאי, מפני מה נתאוה משה רבנו להכנס לארץ ישראל וכו׳?, לאכל מפריה או לשבוע מטובה הוא צריך? אלא אמר: הרבה מצוות נצטוו ישראל ואין מתקיימים אלא בארץ ישראל, אכנס אני כדי שיתקיימו על ידי״. רבי שמלאי האָט גע׳דרשנ׳ט: (פאַרוואָס האָט משה רבנו אַזוי שטאַרק געוואָלט אַריינקומען קיין ארץ ישראל, צו דען צו עסען פון איהר פרוכט און זיך צו זעטיגען פון איהר גוטס? נאָר ער האָט געזאָגט: פיעל מצוות זענען די בני ישראל געבאָטען געוואָרען, וועל־כע מען קען זיי מקיים זיין נאָר אין ארץ ישראל. וויל איך דעריבער אַריינקומען אין לאַנד, כדי די מצוות זאָלען ערפיהלט ווערען דורך מיר). נאָכדעם ווי מיר האָבען ערקלערט די פאַרשיעדענע קאַטעגאָריעס פון די, וואָס האָבען ליעב זייער לאַנד, וועט אונז ווערען פאַרשטענדליך דער מאמר פון ר׳ יוחנן׳ן. אין זיין מאמר רעדט ער וועגען די פיער קאַטעגאָריעס, וועלכע מיר האָבען דערמאָהנט. און ער איז מדקדק אין זיין לשון, זאָגענדיג: „כל מקום שנאמר וישב״. ר׳ יוחנן

איז אויסען צו באַטאָנען „כל מקום" (אויף יעדען אָרט). דאָס הייסט: די מענשען, וואָס זייער וואוינאָרט קען זיין אויף יעדען אָרט. זיי פיהלען נישט קיין אונ־טערשיעד צווישען אונזער הייליג לאַנד און צווישען אַנ'אַנדער לאַנד, נאָר אויף יעדען אָרט, וואו עס ווערט געזאָגט „וישב", דאָס הייסט: אויף יעדען אָרט, וואָס מען ערלויבט זיך זיי צו באַזעצען, איז מען באַרייט זיך צו באַזעצען. אזוי ווי „וישב ישראל בשטים", דאָרט, וואו זיי האָבען געפונען אַנ'אָרט צו דערפיהלען זייערע ליידענשאַפטען. פאַר זיי איז גוט געווען „שטים" אויך. אָבער גלייך איז געקומען דער „צער". „ויחל העם לזנות". און עס איז געוואָרען ר"ל אַ מגפה. און אזוי רעכענט ר' יוחנן אין זיין מאמר מיט דעם גאַנג פון: נישט נאָר דאָס, נאָר אויך דאָס. און דערמאָנט צום ערשטען די איינפאַכסטע און ערגסטע קאַטעגאָ־ריע, דעם „וישב ישראל בשטים", וואָס דאָס איז נישט מעהר ווי אַ לשון פון צער, און נאָכהער ציילט ער די איבעריגע, היינו: „וישב יעקב בארץ מגורי אביו". אָבוואָהל ער האָט געליעבט דאָס לאַנד, ווייל דאָס איז דאָס לאַנד, וואו זיין פאָטער האָט געוואוינט. און דער דאָזיגער מאָטיוו האָט איהם צוגעגעבען מוטה צו פאַר־לאָזען דעם גלות, אָבער אויך דער „וישב" איז נאָך נישט דער ריכטיגער, וואָס אונזער לאַנד איז ווערט. אַזאַ זיצונג, וועלכע איז נאָר צוליעב דעם, ווייל זי איז „ארץ מגורי אביו", ווייל זיין פאָטער איז אין איהר געזעסען קען נישט גערופען ווערען „זיצען אין ארץ

ישראל", נאָר דאָס הייסט געזעסען: „בארץ מגורי אביו בארץ כנען". פון דעם שטאַנדפונקט קען זיין דאָס זיצען נישט דוקא אין ארץ ישראל, נאָר אויך אין ארץ כנען, און דער נאָמען כנען פאַרשאַפט און פאַראורזאַכט דעם צער פון „ויבא את דבתם רעה אל אביהם". (אַז יוסף האָט גערעדט שלעכטס אויף זיינע ברידער פאַר'ן פאָטער). און נאָכדעם קריטיקירט ר' יוחנן די קאַטעגאָריע פון די פאָלקיסטען, וועלכע ליעבען דאָס לאַנד פון דער גייסטיגער זייט. דאָס הייסט: אַז אין אונזער לאַנד, אין דעם ווינקעל, וואָס איז אָפּגעזונדערט פאַר אונז קענען מיר זיך פיהרען לויט'ן גייסט פון אונזער פאָלק. דאָס איז „וישב יעקב בארץ גושן". דאָס לאַנד, וואָס פרעה מלך מצרים האָט איהם געגעבען, יעקב'ן און זיינע זיהן, אַז זיי זאָלען האָבען אַ באַזונדער ווינקעל, זיי זאָלען האָבען די מעגליכקייט צו לעבען אין זייער גייסט און מנהגים, אזוי ווי די חכמים ז"ל האָבען גע'דרש'נט אויף דעם פסוק: „ואת יהודה שלח לפניו אל יוסף להורות לפניו גושנה", „להורות לפניו", דאָס הייסט: „איינצואָרדנען דאָרט אַ הויז צו לערנען". אויך דער דאָזיגער „וישב" איז נאָך נישט פון די בעסטע, און אויך דאָס איז אַנ'אָרט, וואָס פאַרשאַפט נאָר צער, ווייל סוף כל סוף איז דאָס נאָר גושן און מצרים און נישט ארץ ישראל, כאָטש עס ווערט אין איהר איינגעאָרדענט הייזער צו לערנען, איז דאָס פאָרט אַ פרעמדע לאַנד, און דער צער מוז קומען. און ענדליך, קריטיקירט ר' יוחנן די קאַטעגאָריע מענשען, וועלכע ליע-

בען זייער לאנד צוליעב די פיעל תבואה און וויין, וואס אין איהר געפינט זיך, און ער ברענגט דעם פסוק: "וישב יהודה וישראל לבטח איש תחת גפנו ותחת תאנתו", און זאגט זיך ארוים וועגען דער קאטעגאריע, אז אויך זייער „וישב" איז נישט זיכער, ווייל פלוצלינג קען קומען א שטן און ארויסרייסען אלע וויינשטאקען און פייגענבוימער, און דער זיכערער לעבען וועט פארשטערט ווערען, אזוי ווי עס האט געטראפען נאך אזא „וישב", היינו: „ויקם ה' שטן לשלמה את הדד האדומי". (און ג-ט האט אויפגעשטעלט א שטן געגען שלמה'ן, הדד פון אדום). לויט ווי מיר האבען איינגעשטעלט די קאטעגאריעס האט דאך דער וישב יהודה וישראל געדארפט גערעכענט זיין, נאכ'ן וישב ישראל בשטים, נור דאס קען מען זאגען, ווייל די פסוקים פון תורה האט ער געוואלט רעכענען פאר א פסוק פון קבלה. ר' יוחנן איז טאקע דעריבער געקומען צום באשלום: אז יעדער „וישב", וועלכער איז „בכל מקום", ד. ה., אז ביי דעם זיצער איז רעכט יעדער ארט, דאס הייסט, אז יעדע סיבה קען אויף אונז ווירקען צו באשטימען וועלכען עס איז ארט, דארט זיך צו באזעצען — אז אזא זיצען, איז נישט קיין זיצען פון נחת, נאר פון צער, — ווייל סוף כל סוף וועט דער זיצען זיין נאר א צייטווייליגער און דער צער מוז ענדליך קומען. די באדינגונגען פון דער ליעבע צו אונזער לאנד זענען אנדערש, ווי ביי אנדערע לענדער. אונזער לאנד דארפען מיר ליעב האבען צוליעב די אלע מאטי-

ווען צוזאַמען. דאָס הייסט: ווייל זי איז אונזער פּאַ־
טערלאַנד, און איהר ערד איז פרוכטבאַר און דער־
הויפּט ווייל: „עיני ה׳ בה מראשית השנה ועד אחרית
השנה, חיי נשמות אויר ארצה״. ג־ט׳ס אויג איז אויף
איהר שטענדיג, פון אָנפאַנגס־יאָהר, ביז צום סוף יאָהר,
און איהר לופט איז אַ היילונג פאַר דעם גייסט. זי איז
די עהרע־שטול פון ג־ט. אין איהר וועלען מיר לעבען אַ
זיכערען לעבען. יעדערער אונטער זיין וויינשטאָק און
אונטער זיין פייגענבוים. אין איהר וועלען מיר לעבען
לויט אונזער תורה און אונזערע זיטען. אין איהר ווע־
לען מיר רעדען אין אונזער גייסט און אונזער שפּראַך.
דער וישב וועט שוין נישט זיין קיין צער, נאָר עס וועט
זיין אַזאַ וישב, וואָס אויף איהר ווערט געזאָגט: „זאת
מנוחתי עדי עד פה אשב כי אויתיה״. דאָס איז מיין
אייביגער רוה־אָרט. דאָ וועל איך זיצען, ווייל צו איהם
האָב איך געשטרעבט.

## געענדיגט די מורמלעריי

**אונזערע הייליגע לאנד** פון וועלכע מיר זענען פאר־טריבען געוואָרען רופט אונז זיך אומצוקע־רען צו איהר און עסען איהר פרוכט, און זיך צו זעטיגען מיט איהר גוטס, זי האָט בענייט, ווי א אָדלער, איהר יוגענד. די בערג פון יהודה און גליל טראָגען פרוכט, וואַרטען אויף אונזער פאָלק זאָל גיך קומען, די ארבעט צוצואייל ען דאָס אומקערען פון אונזער פאָלק אויף אונזער ערד, האָבען גענומען אויף זיך די ציוניסטען. זיי ארבייטען מאַטעריעליש און גייסטיג, בעמיהען זיך, אָנווענדענדיג אלע זייערע כחות, צוריק צו ברייננגען די קינדער צו דער שוים פון זייער מוטער. אָבער די ארבייט איז זייער א שווערע. כמעט אלע פאַסירונגען וועלכע האָבען פאַסירט ביי יציאת מצרים — פאַסירט אויך היינט. אויך היינט געפינען זיך אומצופרידענע וועלכע געהען נאָך די טריט פון אמאָליגע אומצופרידענע. אזוי ווי דאַן, ווען משה רבנו, עליו השלום, האָט מודיע גע־ווען דעם פאָלק ישראל אז ג׳ וועט זיי ארויסנעמען פון מצרים, האָבען זיי זיך נישט געוואָלט צוהערען צו איהם פון אומגעדולד און שווערע ארבייט. אויך געפינענדיג זיך שוין אויפן וועג קיין ארץ ישראל האָבען זיי געשריי־גען: „זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים חנם, את

הקשאים ואת האבטחים, ואת החציר ואת הבצלים ואת השומים" — „מיר דערמאנען זיך אין פיש וועלכע מיר האָבען געגעסען אין מצרים אומזיסט, די אוגערקעס, די ארבוזען, די פּאַסאָלען, די ציבעלעס און די קנאָבעל". אויף יעדען טריט און שריט האָבען זיי געזוכט צו פארשאַפען צער און זאָרג אונזער גרויסען פיהרער משה רבנו און האָבען איהם געשטערט אין זיין ארבייט, פאר זייער אייגענער טובה. אַמאָל איז אויפגעשטאַנען געגען איהם א סעקטע וועלכע האָט זיך אָנגעגעקליידעט אין א פרומען מאַנטעל. צו דער דאָזיגער סעקטע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אויך עזות פנים'ער פון פאָלק מיט זייערע בעוואוסטע נעמען דתן ואבירם. אזוי זיינען זיי געגאַנגען אלץ ווייטער און ווייטער, פון איין מחלוקה צו דער צווייטער. צום ערשטען האָבען זיי געקריגט אויף משה מיט אהרן, דערנאָך האָבען זיי געקריגט אויף ארץ ישראל, אויסשרייענדיג עפענטליך „המעט כי העליתנו מארץ זבת חלב ודבש להמיתנו במדבר" און זיי האָבען פארענדיגט מיט די ווערטער „לא נעלה". זיי האָבען גע'טענה'ט „נאָך ווינציג וואָס דו האָסט ארויסגענומען אונז פון א לאנד וועלכע פליסט מיט מילך און האָניג — ווילסטו אונז נאָך אומברייינגען אין דער מדבר, מיר וועלען ניט געהן"! אזוי האָבען זיך פארמעהרט מחלוקת ביז די ערד האָט זיי איינגעשלונגען. א צווייטע סעקטע האָט געשטערט די עליה קיין ארץ ישראל מיט אנדערע טענות און פּרעטענזיעס, טענה'נדיג: „הארץ אוכלת

יושביה היא וכל העם אשר ראינו בתוכה אנשי מדות" — „די לאַנד טויטעט איהרע איינוואוינער אלע מענשען וועלכע מיר האָבען דאָרט געזעהן זיינען הויכגעוויקסיגע, אויך די ריזען האָבען מיר געזעהן". אוי ווי שענדליך דאָס איז! די לאַנד אין וועלכע מען האָט מיט א קורצע צייט צוריק אריינגעוואָרפען זייערע קינדער אין טייך אריין, אדער זיי איינגעמויערט אין די ווענט פון די מויערען, ווען דער מלך פון דער מדינה איז קראַנק געוואָרען, איז אום זיך צו היילען פון זיין קראנקהייט האָט ער זיך געבאָדען אין דעם בלוט פון זייערע קינדער — און איצט בענקען זיי נאָך יענער לאַנד, ווייל דאָרט געפינען זיך גרויסע פיש און א סאַך ציבעלעס. און אַלץ וואָס איז דאמאָלס פאָרגעקומען קומט אויך היינט פאָר. עס איז פאַרהאַן ביי אונז היינט אויך א סעקטע וועלכע טראָגט אויף זיך א פרומען מאַנטעל, (דאָס מיין איך ניט די אגודת ישראל, ווייל זיי טוען אויך לטובת ארץ ישראל, זיי זיינען נאָר מחולק אין די הנהגה). צו דער סעקטע האָבען זיך אויך אָנגעשלאָסען די דתן ואבירם'ס פון אונזער צייט, די טייערע בריליאַנטען... און פערל... וועלכע זיינען בעוואוסט מיט זייערע מעשים און אַלע צוזאמען זאָגען: „לא נעלה". אָבער אונזער פאָלק מאַרשירט דאָך פאָרווערטס אין נאָמען פון ג'. „והיה העקב למשור והרכסים לבקעה" — „און עס וועלען ווערען די קרומע וועגען צו גלייכע, און די בערג וועלען זיך פערוואנדלען אין טאָלען". די שטערערס וועלען נישט פאַרהאַלטען ג-ט'ס ווילען און דעם

היילינגען גייסט וואָס אין אונזער פאָלק. א צווייטע סעק־
טע ווידער טענה'ט: ארץ ישראל איז דאָך א לאנד
וואָס „אוכלת יושביה היא" איהר לופט איז געפערליך,
דאָרט געפינט זיך „מאלאריע" און ו„העם אשר בתוכה
אנשי מדות הם" וועלענדיג זאָגען, אז די פאָלק וואָס
געפינט זיך דאָרט זיינען מלחמה העלדען און זיי זיינען
געפערליך פאר אונז.

## דער אונטערשיד פון איין גלות און דעם צווייטען

אבער איהר בעלי טענות, איך בעט אייך, זייט
נאָר אזוי גוט און בלעטערט איבער אייניגע
בלעטלאָך אין אונזער היסטאָריע, און איהר וועט זעהן
פון וועמען מיר האָבען מעהר געליטען אין דער צייט
וואָס מיר האָבען געלעבט אין גלות ספרד (שפּאַניע),
צי פון דער האַלבע לבנה אדער פון אַנדערע... די הים־
טאָריע דערצעהלט אז ווען די האַלבע לבנה האָט רע־
גירט, האָבען אונזערע געמיינדעס דאָרט געלויכטען און
געשיינט, און יענע תקופה האָט זיך אָנגערופען די
גאָלדענע תקופה. אין מאטעריעלען זין און נאָך מעהר
אין גייסטיגען זין, אין חכמת התורה און אין וועלטליכע
חכמות ווי אַסטראָנאָמיע, מעדיצין, פילאָזאָפיע און
פּאָעזיע, אויף אַלע געביטען. מיר זיינען דאַמאָלס גע־
שטאַנען אויף דער העכסטער שטופע. אָבער פון דער
צייט אָן וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט דער שווארצער

מאַנטעל פון די אַבערגלויבער פערדינאַנד און איזא-בעלאַ, ימח שמם, זיינען די הימלען פינסטער געוואָרען איבער אונזערע קעפּ. אלע געמיינדעס זיינען חרוב גע-וואָרען, יעדע בלאַט אין דער געשיכטע פון יענע תקופה איז געשריבען מיט בלוט און פייער.

**אויך אין אונזער** הייליגע תורה געפינען מיר א גרויסען אונטערשייד צווישען עשו'ן און ישמעאל'ן. וועגען ישמעאל'ן איז געשריבען אין דער תורה: „ותרא שרה את בן הגר המצרית אשר ילדה לאברהם מצחק, ותאמר לאברהם גרש את האמה הזאת ואת בנה כי לא יירש בן האמה הזאת עם בני עם יצחק", דאָס הייסט: „ווען שרה האָט געזעהן אז ישמעאל שפּיעלט זיך מיט יצחק'ן האָט זי פערלאנגט פון אברהם'ן ער זאָל ארויסטרייבען הגר'ן מיט איהר זון ווייל זי וויל נישט אז ישמעאל זאָל זיך שפּילען מיט יצחק'ן און אויך זיך טיילען מיט דער ירושה מיט יצחק'ן". און דער סוף איז געווען, אז אברהם האָט ארויסגעשיקט הגר'ן מיט איהר זון ישמעאל'ן מיטגעבענדיג הגר'ן אויפ'ן אַקסעל ברויט מיט א לאָגעל וואַסער און זי איז אוועק מיט ישמעאל'ן און געבלאָנדזשעט אין דער מדבר. ווען מיר פארטראכ-טען זיך וועגען דער דערצעהלונג פון דער תורה, זעהען מיר אז די גאַנצע עולה וואָס ישמעאל האָט געטאָהן יצחק'ן איז דאָס וואָס ער האָט זיך געשפּילט מיט איהם. אייגענטליך האָט ער איהם דאָך גאָר קיין שלעכטס

נישט געטאָן. ער איז דאָך נאָר אויסען געווען א שפּיעל. ווען מיר זאָלען זיך אריין לאָזען אין א דרוש, דאָס הייסט ווען מען פארטיפט זיך אין דעם ענין, זעהען מיר אז א שפּיעל פון א פרא אדם קען אמאָל ברייננען צו בלוט פארגיסונג, און צו נאָך זאכען וועלכע זיינען געגען די געזעצען פון זיטליכקייט, און אונזער מוטער שרה, מיט׳ן כח פון איהר נבואה האָט פארויסגעזען אז דאָס איז נישט קיין איינפאַכער שפּיעל, דארום האָט זי באַשלאָסען אז ישמעאל׳ס שפּיעל איז נישט פּאַסענד פאַר יצחק׳ן און עס איז ניט געוואונשען, אַז זיי זאָלען זיך געפינען אונטער איין דאַך. און דער אורטייל איז ארוים, אז איינער פון זיי זאָל באזייטיגט ווערען. און ישמעאל איז באזייטיגט געוואָרען. האָט מען געגעבען ישמעאל׳ן א שטיק ברויט מיט איין לאגעל וואַסער און מען האָט איהם פארשיקט אין דעם מדבר באר שבע. וואָס לערנען מיר דערפון? אז מען דארף וויסען ווי אזוי צו האַנדלען מיט דעם פרא אדם. פארשיקען איהם בדרך שלום אין דער מדבר. גע־בען איהם מיטלען צו לעבען, ברויט מיט וואַסער, און ער אליין וועט מאַכען פריי דעם אָרט. דען ביי איהם איז מדבר און ישוב אַלץ איינס.

**נישט אזוי** אָבער איז פאָרגעקומען דער סכסוך מיט יעקב און עשו. דאָרט איז דער נוסח גאָר אַן אנדערער. „ויאמר עשו בלבו יקרבו ימי אבל אבי ואהרגה את יעקב אחי". עשו האָט ביי זיך אין

הארץ באשטימט ווען עס וועלען זיך דערנעהנ־טערען די טרויער טעג פון מיין פאָטער וועל איך הרג'נען מיין ברודער יעקב. עשו וויל זיך נישט שפילען, מאַכען צערעמאָניעס, נאָר גאָר פשוט איינפאַך — ער וויל הרג'נען יעקב'ן. עס הייסט פשוט אָראָפּהאַקען מיט א האַק דעם קאָפּ פון יעקב'ן. ווען די מוטער רבקה האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט זי געשיקט רופען יעקב'ן און איהם געזאָגט: זאָלסט וויסען זיין, אז דיין ברודער עשו וויל דיך ערמאָרדען, דאריבער מיין זוהן, איז מיין עצה, אז דו זאָלסט אַנטלויפען צו מיין ברודער לבן קיין חרן. רבקה האָט געגעבען יעקב'ן צו פארשטעהן, אז מיט עשו'ן לאָזט זיך נישט אונטער־האַנדלען. מיט א שטיק ברויט און א לאגעל וואסער וועט מען איהם נישט באפרידיגען, ווייל ווען עשו איז הונגעריג, עפענט ער זיין מויל ווי א קראָקאָדיל און שרייט: „הלעיטני נא מן האדם האדם הזה". עס ווילט זיך איהם שלינגען און וויל נור קרבנות, דאָס גלייכט ער. און ווען די תאוה פון רציחה קומט איהם אָן, וועט קיין שום שפרוך נישט העלפען, און פאר איהם, מיין זוהן, מוזטו אַנטלויפען.

די צווייי דערצעהלונגען פון דער תורה ווייזען אונז אזוי דייטליך די געשטאַלטען פון ישמעאל'ן און עשו'ן, ווי נישט עהנליך זיי זיינען איינער צום צווייטען. דעם קריג און סכסוך וואָס מיר האָבען מיט ישמעאל'ן קען מען נישט פערגלייכען מיט די סכסוכים וואָס מיר

האָבען מיט עשו׳ן. די שנאה פון ישמעאל׳ן איז נישט אזוי טיעף ווי עשו׳ס. די הויפּט זאך איז וואָס זייענדיג א פרא אדם איז לייכט צו לאָזען זיך איבעררריידען פון די העצער וועלכע באנוצען זיך מיט די אומוויסענהייט פון א פרא, צו פארביטערען יצחק׳ס לעבען, אָבער טראָץ דעם ווילען פון די העצער וועט ישמעאל פאר־שטעהן די ווערדע פון דעם ברויט און וואַסער וואָס ווערט געגעבען צו איהם אין לאַנד דורך יצחק׳ן. דער פלאַץ איז א ברייטער און ער וועט מאַכען פריי אָרט פאר יצחק׳ן. עס לוינט זיך נישט בלוט צו פארגיסען.

## די עקאָנאָמישע פראַגע

**די עקאָנאָמישע פראַגע** וועט געווים נישט זיין אין אונזער לאנד. די תורה איז ביי אונז גענוג באגלויבט, און זי האָט געשריבען: „ארץ חטה ושעורה וגפן ותאנה ורימון ארץ זית שמן ודבש, ארץ אשר לא במסכנות תאכל בה לחם לא תחסר כל בה. ארץ אשר אבניה ברזל ומהרריה תחצוב נחושת”. דאָס הייסט, אונזער לאנד איז א לאנד פון ווייץ און גערשטען, וויינ־שטאָקען און פייגען און מילגרוימען, אייל און האָניג, א לאנד וואָס נישט אין אָרימקייט וועסטו עסען אין איהר ברויט, עס פעהלט קיין זאך אין איהר, א לאנד וואָס איהרע שטיינער זיינען אייזען און פון איהרע בערג וועסטו האָבען קופּער.

אין דעם בוך פון פראָפעסאָר לוי, וואָס שרייבט וועגען ארץ ישראל דאָס דער טוריסט שמובירית האָט בארעכענט אז ארץ ישראל פלעגט פאר׳ן צווייטען חורבן עקספּאָרטירען ווייץ קיין אויסלאַנד אויף א סומע פון צוועלף מיליאן דאלער לויט דעם היינטיגען אמע- ריקאנעם דאלאר. אויך געפינען מיר דאך אין תנ״ך: אז שלמה המלך ע״ה האָט געגעבען יעדען יאָהר דעם מלך חירם צוואַנציג טויזענד קערין ווייץ, פאר׳ן פרייז פון צעדער האָלץ. אויך מיר מיט אונזערע אויגען זעהען אז דאָס איז א לאַנד וואָס פעלט אין איהר גאָרנישט. נאָך א פארוויסטונג פון אזא לאַנגער צייט, האָט זי דורך עטליכע יאָהרען ארבייט אלעמען באוואונדערט מיט דעם ארויסגעבען פון איהר פרוכט. מיר גלויבען אין ג׳, אין זיין תורה, און אין די נבואה פון זיינע נביאים, וועלכע האָבען נביאות געזאָגט: „אז די אידי- שע בערג וועלען טראָגען אויף זיך פיעל פרוכט פאר׳ן אידישען פאָלק״. מיר האָפען צו ג׳ אז ער וועט בעזיי- טיגען די אייזערנע וואַנט וועלכע טיילט אונז אָפּ פון ארץ ישראל און ער וועט אונז פיהרען מיט שטאָלץ צו אונזער לאַנד, נאָר מיר דארפען זיין פאָרגעברייט, און ג׳ וועט העלפען.

## נישטאָ נאָך אַזאַ זיעג, ווי דער זיעג פון גייסט

**אין מסכתא שבת דף כ״א** ווערט געבראַכט:
„מאי חנוכה? דתנו רבנן בכ״ה בכסלו יומי דחנוכה, תמניא אינון דלא למספד בהון, ודלא להתענות בהון, שכשנכנסו עכו״ם להיכל, טמאו כל השמנים שבהיכל, וכשגברה מלכות בית חשמונאי ונצחום, בדקו ולא מצאו אלא פך אחד של שמן, שהיה מונח בחותמו של כהן גדול, ולא היה בו להדליק אלא יום אחד, נעשה בו נס והדליקו ממנו ח׳ ימים. לשנה אחרת קבעום ועשאום ימים טובים בהלל והודאה״. (וואָס איז אַזוינס חנוכה? די רבנן האָבען געלערענט: פון דעם פינף און צוואַנציגסטען כסלו הויבען זיך אָן די חנוכה־טעג, וועלכע דויערען אַכט טעג. אין די דאָזיגע טעג טאָר מען נישט קלאָגען און פאַסטען. ווען די געצענדי־נער זענען אַריין אין בית המקדש, האָבען זיי פאַר־אומרייניגט אַלע איילען, וואָס מען האָט באַנוצט אויף צו באַלייכטען דעם בית המקדש, און ווען די חשמונאים האָבען זיך געשטאַרקט און האָבען דעם שונא באַזיגט, האָבען זיי געפונען נאָר איין קריגעל אייל, וועלכעס איז געווען פאַרמאַכט מיט׳ן זיגעל פון כהן גדול, וועל־כעס איז אָבער נאָר געווען גענוג אויף איין טאָג צו ברענען, איז דאָן געשעהן אַ נס, אַז מען האָט געצונ־

דען פון דעם בוימעל גאַנצע אַכט טעג. אויפ'ן צווייטען יאָהר זענען די טעג באַשטימט געוואָרען אַלס יום טוב טעג, מיט הלל און לויב-געזאַנגען). פרעגט דער „בית יוסף": צו וואָס האָט מען באַשטימט אַכט טעג יום טוב? דער נס מיט דעם אייל איז דאָך נאָר געווען זיע־בען טעג, ווייל אויף איין טאָג איז דאָך געווען גענוג אייל? אויף דעם ענטפערט דער ט"ז: דער זוהר הק' זאָגט אויף דעם פסוק: „מה יש לך בבית", אַז ג-ט טהוט אַ נס און שיקט אַ ברכה נאָר ביי אַזאַ זאַך, וואָס איז שוין דאָ אויף דער וועלט, און ווען עס איז דאָ אַ קלייניגקייט, דאַן גיט ג-ט אַריין די ברכה, און פון דעם ביסעל ווערט אַ סך, אָבער אויף גאָרנישט איז די ברכה נישט חל. דעריבער איז שוין רעכט דאָ אויך. דען ווען די אייל, וואָס איז געווען וואָלט אינגאַנ־צען אויסגעברענט אין דער ערשטער נאַכט, וואָלט דאָך נישט געווען אויף וואָס די ברכה זאָל חל זיין, עס זאָל זיך שאַפען אייל צו ברענען נאָך זיעבען טעג. אַלזאָ האָט געמוזט זיין די ערשטע נאַכט אויך אַ נס. עס האָט זיך נישט אויסגעברענט די גאַנצע אייל, נאָר עס איז עפּעס איבערגעבליבען. אַזוי אַרום איז שוין געווען אויף וואָס דער נס זאָל חל זיין, אום עס זאָל זיך שאַפען אייל אויף צו ברענען נאָך זיעבען טעג, און דעריבער איז דער נס געווען טאַקע אויף די גאַנצע אַכט טעג, ווייל ווען עס וואָלט נישט געווען אַ נס אויפ'ן ערשטען טאָג אויך, וואָלט נישט געקענט זיין דער נס אויף די איבעריגע זיעבען טעג, ווייל דאָס ביסעל, וואָס איז

געבליבען פון ערשטען טאָג, האָט געמוזט ברענען די גאַנצע אַכט טעג. וואָרום מיר קענען נישט זאָגען, אַז עס זאָל האָבען אויסגעברענט דעם ערשטען טאָג אינ־גאַנצען און אויף די איבעריגע זיעבען טעג איז פון גאָרנישט האָט געברענט, דאָס קען ניט זיין, ווייל ביי דער מצוה ברענען די מנורה שטעהט געשריבען אין דער תורה, אַז עס דאַרף זיך ברענען „שמן זית", און דאָס איז דאָך ניט געווען „שמן זית", נאָר „שמן נס", און דערמיט איז פסול צוצינדען די מנורה. נאָר עס איז איבערגעבליבען פון ערשטען טאָג אַ ביסעל שמן זית אין דער מנורה, איז געווען דער נס, אַז דאָס בי־סעל האָט געברענט די גאַנצע אַכט טעג, נישט עס איז צוגעקומען אַנדערע בוימאייל (דאָס האָב איך געהערט זאָגען אין נאָמען פון הגאון רבנו חיים בריסקער זצ"ל).

**די גמרא** מיט איהר פראַגע: מאי חנוכה? וואָס איז חנוכה? — וואונדערט אונז, ווייל לויט דער פראַגע פון דער גמרא ווייזט אויס, אַז חנוכה איז גע־ווען אַ זאַך, וואָס איז נאָך נישט געווען באַוואוסט. מיר געפינען דאָך אָבער פיעל מאָל, ווי די גמרא דערצעהלט וועגען די מלחמות פון די חשמונאים מיט די יונים און וועגען די גבורות און נצחונות, וואָס זיי האָבען מיט ג-ט'ם הילף באַוויזען. און דאָס וואָס די גמרא פרעגט, וואָס איז חנוכה?—קומט עפּעס אויס, ווי דאָס וואָלט גע־ווען אַנ'ענין נישט קיין באַוואוסטער. מיין מיינונג וועגען דעם איז, אַז דאָס האָבען שוין רש"י און דער „נמוקי

יוסף" באַמערקט. רש"י ערקלערט די פראַגע פון דער גמרא: „מאי חנוכה?" אויף פאָלגענדען אופן: דאָס הייסט, צוליעב וועלכען נס האָט מען באַשטימט די יום טוב'דיגע טעג פון חנוכה? רש"י איז אויסען דער־מיט, אַז די פראַגע פון דער גמרא, מאי חנוכה, באַ - ציהט זיך נישט אויף דעם עצם ענין חנוכה, דאָס איז שוין געווען באַוואוסט, נאָר די גמרא פרעגט: מיט וואָס אונטערשיידען זיך די נצחונות פון די חשמונאים פון אַלע אַנדערע נצחונות און ישועות, וואָס זענען פאָרגעקומען ביי אונזער פאָלק? למשל, פאַרוואָס מאַכען מיר נישט קיין יום טוב דעם טאָג, וואָס מיר האָבען זיך אומגעקערט פון גלות בבל, אָדער דעם טאָג, ווען עס איז געבויט געוואָרען דער צווייטער בית המקדש, וואָס דאַן האָט מען באַזיגט די שומרונים, נאָר די נצחונות פון די חשמונאים פייערען מיט הלל און מיט ליכט צינדען. דאָס מוז דאָך עפּעס באַדייטען? טאָ צוליעב וועלכען נס האָט מען דאָס אַלץ איינגעפיהרט? דער „נמוקי יוסף" איז אויך מדקדק אין זיין לשון צו ערקלערען, אויף וועלכען נס האָט מען דאָס אַלץ איינגעפיהרט דעם יום טוב. די גמרא ענטפערט אויף דעם: אַז די מלחמה פון די חשמונאים מיט די יונים איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע מלחמות מיט די פעלקער. די דאָזיגע מלחמה איז נישט געווען קיין מלחמה פון ערָאַבערונג. די מלחמה איז געווען אַ מלחמה פון ריינאַבערונג. די מלחמה איז געווען אַ מלחמה פון ריינקייט מיט אונריינקייט. די אידישע קולטור האָט מלחמה גע־

האַלטען מיט דער גריכישער קולטור. די גריכען האָ־
בען פאַראומרייניקט דאָס גאַנצע אייל פון בית המקדש.
זייער שטרעבונג איז געווען פאַראומצורייניקען אונזער
ליכט דעם געטליכען פאָלק. זיי האָבען נישט מלחמה
געהאַלטען מיט אונזער מאַטעריאַליזמוס, נאָר זייער
ציעל איז געווען — פאַרניכטען דעם גייסט פון פאָלק
ישראל. אַזוי ווי מיר זאָגען דעם נוסח: „כשעמדה
מלכות יון הרשעה על עמך ישראל להשכיחם תורתך
ולהעבירם מחוקי רצונך". (ווען עס איז אויפגעשטאַ־
נען דאָס קעניגרייך פון יון אויף דיין פאָלק ישראל,
זיי צו מאַכען פאַרגעסען דיין תורה און זיי מאַכען עובר
צו זיין דיינע געזעצען). אַלע שטעדט פון אונזער לאַנד
זענען פול געוואָרען מיט זייערע געטער און בילדער.
זיי האָבען געבויט מזבחות און מקריב געווען אויף זיי
חזירים, האָבען איינגעפיהרט מיט דער הילף פון אונ־
זערע פאַררעטערישע און אַסימילאַטאָרישע ברידער,
אַלע גריכישע מנהגים, ווי: די אָלימפּישע פאַרוויילונ־
גען אַרום דעם בית המקדש, האָבען געבויט פאַרוויי־
לונגס-הייזער, מאַכען ספּאָרט נאַקעטערהייט, ווי דער
מנהג ביי די גריכען. דאַן האָט דער אַלטער מתתיהו
כהן גדול אויפגעהויבען זיין הייליגען קול מיט דעם פאָל־
גענדען רוף: „אפילו ווען אַלע וועלען אָפּטרעטען די
געזעצען פון אונזער תורה, איז איך און מיין פאַמיליע
וועלען נישט פאַרלאָזען אונזער ג-ט און אונזער תורה".
און נאָך מיט מעהר קראַפט האָט זיך צופלאַמט אין
איהם ג-ט'ס גייסט, ווען ער האָט געזעהן, אַז איינער

פון זיין פאָלק איז צוגעטרעטען מקריב צו זיין אַ קרבן פאַר דעם אָפּגאָט צאוס אין געגענוואַרט פון די אַנוועזענדע מענשען פון שטאָדט. האָט ער אַרויסגעצויגען זיין שווערד און דערשטאָכען דעם פאַררעטער, און דער גייסט פון גבורה און רעליגיעזער אייפערזוכט האָט זיך צופלאַקערט ביי זיינע פינף זיהן, די גייסטיגע גבורים, און די הייליגע מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען. פון טאָג צו טאָג האָבען זיך פאַרמעהרט די מענשען, וועלכע האָבען זיך אָנגעשלאָסען צו די חשמונאים, און אַנ'אויפרוף איז אַרויס פון יהודה המכבי: לאָמיר זיך שטאַרקען מלחמה צו האַלטען פאַר אונזער פאָלק, פאַר אונזער תורה און פאַר אונזערע פרויען און קינדער. מיט אַ קליינער צאָהל מענשען האָט ער געקעמפפט אויף רעכטס און אויף לינקס, מיט'ן פיינד און אויך מיט די אַסימילאַטאָרען האָט ער זיך אָפּגערעכענט, און אין דער אָפּגעראַטעוועטער גלאַוונע האָט ער אָנגעצונדען און אויפגעפלאַמט פון דאָס ניי דאָס הייליגע פייער, האָבען צובראָכען דאָס בילד פון צאוס, האָבען צושטערט יעדע אונריינע זאַך. אויף דעם מזבח האָבען זיי צעוואָרפען און די שטיינער האָבען זיי אַוועקגעלייגט אויף אַ געהיימען אָרט, אויפ'ן הר הבית, און האָבען נישט איבערגעלאָזט דאָס מינדסטע אומריינקייט, האָבען פאַרטריבען די גריכען פון אונזער לאַנד. די ווינציגע אין צאָהל האָבען באַזיעגט די פיל-צאָהליגע, די שוואַכע האָבען באַזיעגט די שטאַרקע, די ריינע — די אומריינע, ווייל זיי האָבען געקעמפפט ניט

מיט קראַפט און נישט מיט כח, נאָר מיט ג־ט׳ס גייסט. דעריבער מאַכען מיר מיט׳ן נס פון חנוכה אַזאַ גרויסען וועזען און מען צינדט אָן ליכט אין די עפענטליכע ער־טער, כדי באַקאַנט צו מאַכען דעם נס, צו באַקאַנט מאַ־כען פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז די ליכטיקייט וועט ענדליך דאָך באַזיעגען די פינסטערניש, און די נאַטור, אַז אויך אַ ביסעלע ליכטיקייט קען פאַרטרייבען אַ סאַך פינסטערניש לויט די מליצה פון׳ם חובת הלבבות ז״ל.

## וואָס מעהר מען פייניגט איהם, אַלץ מעהר פאַרמעהרט ער זיך

דער זיעג פון די חשמונאים איז פאַר אונז אַ באַווייז, אַז נישט מיט קראַפט און נישט מיט כח ערֹאָבערט מען. מיר זעהען די גרויסע קראַפט פון דעם הייליגען גייסט, וועלכער האָט אונז געגעבען מוט זיך אַוועקצושטעלען אויפ׳ן מלחמה־פּלאַץ קעגען אַזוי פיעל שונאים. פון דעם האָלץ־העקער ביז צום ריכטער, וועלכער זיצט אויפ׳ן ריכטער שטול אונטערשיידען זיך נישט אין זייער שנאה צום אייביגען פאָלק. מיר — דאָס קליינע און שוואַכע פאָלק, צווישען אַזוי פיעל שטאַרקע פעלקער, שטעהט אויפ׳ן מלחמה־פּלאַץ אַנט־קעגען זיי און ווערט נישט באַזיעגט. דאָס איז אַ שטאַר־

קער באַוויַיז, אַז אונזער פאָלק לעבט און עקזיסטירט אייביג, איז פול מיט ליכט, וועלכע דרינגט אריין דורך יעדע לעכעל און שפּעלטעל, און מיט דער מאָס, וואָס די פינסטערע עלעמענטען באַמיהען זיך צו פאַרלעשען דאָס ליכט, מיט דער זעלבער מאָס און נאָך מיט אַ גרעסערער, צופלאַמט זיך דאָס ליכט און באַלייכט די גאַנצע ערד און איהרע איינוואוינער, און אַלע גזרות פון שמד און פאַרניכטונג וועלען נישט אימשטאַנד זיין אונז אומצוברענגען פון דער וועלט. אין געגענטייל, דורך דעם ווערען מיר נאָך געשטאַרקט.

## **אויפ'ן זעלבען אופן** ווערט אונז קלאָר דער מאמר

אין מסכת בבא בתרא, דף ע"ג: „אמר רבה, אשתעי לי נחותי ימא האי גלא דמטבע לספינתא, מתחזי כי צוציתא דנורא חיורתי ברישא ומחינן ליה באלוותא דחקיק עלה: אהיה אשר אהיה, יה ה' צבאות אמן אמן סלה ונייח". רבה האָט געזאָגט: אַ ים-רייזענדער האָט מיר דערצעהלט, אַז אַ כוואַליע, וועלכע האָט געהאַלטען ביים דערטרינקען אַ שיף האָט זיך באַוויזען אויף איהר ווייסע פונקען פייער, האָבען מיר איהר אַ קלאַפּ געטהאָן מיט אַ שטעקען, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעקריצט „אהיה אשר אהיה, יה ה' צבאות אמן אמן סלה", און דאַן האָט די כוואַליע זיך באַרוהיגט). זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז דער מאַמר איז ניט סתם אַ ערצעהלונג אין דער וועלט אַריין. רש"י הקדוש זאָגט אויף דעם מאמר פאָלגענדעס: „שכל שיחת תל-

מידי חכמים צריכה תלמוד" (יעדער געשפרעך פון א געלעהרטען מענש פאָדערט, מען זאָל איהם לערנען). געווים אַנטהאַלט אין זיך דער מאמר עפּעס אַ וויכטי־גען ענין. און ווען מיר ווילען וויסען און פאַרשטעהן, וואָס איז דער בעל המאמר אויסען געווען מיט זיין מאמר, דאַרפען מיר קודם כל נאָכפאָרשען אום צו ווי־סען די לעבענס - בעדינגונגען, וואָס אין זיי האָט דער בעל המאמר געלעבט. אויך דאַרף מען וויסען די היס־טאָריע פון יענער עפּאָכע, אין וועלכער דער בעל המאמר האָט געלעבט, און נאָר דאַן וועלען מיר זיין אומשטאַנד צו דערגעהן דעם סוד פון דעם מאמר.

עס איז באַוואוסט, אַז רבה האָט געלעבט אין אַן עפּאָכע פון גזרת שמד. גזרות, וועלכע האָבען געציעלט מבטל צו מאַכען די תורה, ווי ס'ווערט געבראַכט אין מס' בבא מציעא, דף פ"ו: „אמר רב כהנא, אשתעי לי רב חמא בר ברתיה דחסא, רבה בר נחמוני אגב שמדא נח נפשיה, אכלו ביה קורצא בי מלכא אמרו, איכא חד גברי ביהודאי דקא מבטל תריסר אלפי גברי מישראל, ירחא בקייטא וירחא בסיותא מכרגא דמלכא, שדרו פריסקתא דמלכיה בתריה וכו'", רב כהנא האָט געזאָגט: מיר האָט דערצעהלט רב חמא דער זוהן פון חסא'ס טאָכטער, אַז רבה בר נחמוני איז גע־שטאָרבען צוליעב אַ גזרת שמד. מען האָט אויף איהם גע'מסר'ט פאַר'ן מלך, אַז ער איז מבטל צוועלף טוי־זענד אידען צוויי חדשים אין יאָהר, ניסן און תשרי,

ווען זיי פאַרזאַמלען זיך ביי רבה׳ן הערען זיינע דרשות די דינים פון יום טוב, און אַז די מלוכה שיקט צו די אידען אויפמאָנען שטייערען (טעקסעס) געפינט מען זיי נישט אין דער היים. האָט מען געשיקט אַ שליח צו ברענגען איהם צום געריכט. דער סוף איז געווען, אַז דאָס איז געווען די סיבה פון רבה׳ס שטאַרבען. פון דעם זעהען מיר, אַז רבה, אויסער דעם וואָס ער האָט געלעבט אַ לעבען פון צער, אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת מועד קטן, דף כ״ח: אַז זיין הויז־געזינד האָבען געזוכט גערשטען־ברויט צו עסען און האָבען נישט געפונען. צו דעם האָט ער נאָך געליטען פון גזרת שמד, וואָס מען האָט איהם נישט געלאָזט אויפזאַמלען די תלמידים לערנען תורה. דעריבער איז מיין השערה, אַז זיין מאמר אין בבא בתרא ציעלט ער צו די גזרות און געשעהענישען פון זיין צייט, און ער ערקלערט אין מאמר, אַז מען זאָל דעם מוטה נישט פאַרלירען. אונ־זערע שונאים ווילען אונז נישט באַזיעגען אין זייער קאַמף קעגען אונזער תורה און רעליגיאָן. און ער דער־צעהלט, אַז אַ כוואַליע, וועלכע האָט געוואָלט דערטרינ־קען די שיף אונזערע, דאָס מיינט: אונזער פאָלק, וועלכער וואַנדערט אַרום אַזוי ווי אַ שיף אין מיטען ים, שטענדיג נע ונד, נישט געפינענדיג קיין רוה. די כוואַליעס ווילען די אידישע שיף דערטרינקען, אָבער די כוואַליעס, נישט זאָגענדיג בלויז, וואָס זיי קאָנען נישט דערטרינקען די שיף, נאָר עס ווערט נאָך פון דעם אַ ליכטיגער פייער, די כוואַליעס קענען נישט

פארלעשען, נאָר דער פייער ווערט נאָך שטארקער און ליכטיגער. און ווער עס האָט אָפענע אויגען זעהט, אז מען שלאָגט איהם מיט א שטעקען, וואס אויף איהם איז אויסגעקריצט: „אהיה אשר אהיה", די הבטחה, וואָס ג-ט האָט צוגעזאָגט: איך וועל מיט אייך שטענדיג זיין, און דער וואָס האָט געזאָגט: אהיה אשר אהיה איז א בעל בטוח, ווייל ער איז „יה, ה' צבאות". מיר האָבען, אויף וועמען זיך צו שטיצען. זאָלען די כוואליעס רוישען און שטורעמען, און מיר מיט ג-ט'ם הילף וועלען זיי מיט דעם געטליכען שטעקען געבען איבער'ן קאָפּ, און די שיף וועט מיט ג-ט'ם הילף קומען צו איהר אָרט אונז דערגרייכען דעם ציעל, אמן, אמן סלה.

**דאָס ביסעלע** הייליגע אייל, וואָס איז איבערגעבליבען אין אונזער מנורה וועלען מיר אָנצינדען און באלייכטען, און די פינסטערניש וועט, ממילא, פארטריבען ווערען. די אומריינע און די בייזווילליגע וועלען איבערגעגעבען ווערען אין די הענט פון די ריינע, פון די עוסקים בתורה. די הילף וועט איינגיכען קומען, און עס וועט זיך באווייזען ג-ט'ם כבוד און אלע צוזאמען וועלען דאן זעהן, אז ג-ט'ם מויל האָט דאָס אלץ געזאָגט.

# מען טאָר זיך ניט פיהרען מיט באַשיידענהייט אין ענינים, וועלכע זענען נוגע דעם כלל

לויט ווי עס ווייזט אויס פון דער גמרא מגילה, דף י"ד: איז דער נס חנוכה נישט קלענער פון דעם נס פורים, אדרבה דער נס חנוכה שטעהט נאָך אויף אַ העכערער מדרגה, ווי דער נס פורים, אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט דאָרט אין דער גמרא, וואו עס פרעגט זיך: פאַרוואָס חנוכה זאָגט מען הלל, און פורים זאָגט מען נישט? ענטפערט דאָרט די גמרא, ווייל מען זאָגט נישט קיין הלל אויף אַ נס, וועלכער איז געשעהן אין חוץ לארץ. און רבא ענטפערט, ווייל נאָכ'ן נס פון פורים זענען מיר נאָך אַלץ געבליבען קנעכט ביי אחשורש'ן, אָבער דער נס פון חנוכה איז געשעהן אין ארץ ישראל און די באַפרייאונג איז געוועזן אַ פאָלקאָמע, אַנ'אַבסאָלוטע. דעריבער זאָגט מען הלל חנוכה. לויט דעם איז מיר אַ וואונדער: פאַרוואָס איז דער ענין חנוכה נישט דערמאָנט אין דער משנה? דאָס וואָס נר חנוכה ווערט געבראַכט אין דער משנה בבא קמא, דף ס"ב, איז דאָס נאָר אונדירעקט, פאַרבייגעהענדיג. דאָרט האַנדעלט זיך וועגען ענין נזיקין (וועגען שאָדען), אַז אויב דורך אַ ליכט פון אַ קרעמער האָט זיך אָנגע-

צונדען ביי אַ דורכרייזענדען אין גאַס זיינע פּלאַקס, רבי יהודה זאָגט, אויב עס האָט זיך אָנגעצונדען אין אַ חנוכה-ליכט, איז דער קרעמער פּטור, אָבער אַ ספּעציעלע משנה פאַר חנוכה געפינען מיר נישט. לויט מיין אָרימען פאַרשטאַנד וואָלט מען דאָ געקאָנט זאָגען לויט דעם, וואָס עס ווערט געבראַכט אין מסכת הוריות, דף י"ג: דאָס איבער אַ פּאָליטישער באַליידיגונג פון רבי מאיר'ן און רבי נתנ'ן צו רבי שמעון בן גמליאל, דעם נשיא, זענען זיי גע'קנס'ט געוואָרען, אַז מען זאָל נישט זאָגען קיין הלכה אין זייער נאָמען, נאָר מען זאָל אָנרופען ר' מאיר'ן „אחרים און רבי נתנ'ן „יש אומרים" און ווען רבי האָט געלעהרענט מיט זיין זוהן רבי שמעון, האָט ער דערמאָנט „אחרים אומרים", האָט איהם ר' שמעון געפרעגט, ווער זענען די דאָזיגע, וואָס מיר טרינקען זייער וואַסער און זייערע נעמען דערמאָנען מיר נישט, האָט רבי איהם געענטפערט: דאָס זענען די מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט דערנידעריגען דעם כבוד דיינעם און דעם כבוד פון דיין פאָטער'ס הויז. נאָך געפינט זיך דאָרט אין דער גמרא: רבא האָט געזאָגט: אפילו רבי, וועלכער איז געווען דער גרויסער עניו, ווען ער האָט געלערענט, האָט ער דערמאָנט מיט דעם נוסח: „מען זאָגט אין נאָמען פון ר' מאיר" און האָט נישט דערמאָנט בפירוש דעם נוסח „אז ר' מאיר זאָגט". פון דער ערצעהלונג זעהען מיר, אַז אויך רבי הקדוש מיט זיין גרויסער עניוות, האָט ניט מוחל געווען זיין כבוד, וואו עס האָט זיך נישט געהאַנדעלט

ווענען זיין פּריוואַטען לעבען, נאָר ווענען דעם כסא הנשיאות, ווייל דאָס איז געווען נוגע דעם כלל.

**ס'איז באַוואוסט** אז רבנו הק' שטאַמט פון מלכות בית דוד, ווי ס'ווערט געבראַכט אין מס' שבת, דף נ"ו: „רב האָט געזאָגט, ווייל רבי שטאַמט פון דוד'ן, דעריבער דרשנ'ט ער שטענדיג די זכותים פאַר דוד'ן". דערפון קאָנען מיר משער זיין, אַז אפשר איז דאָס געווען די סיבה, וואָס רבינו הקדוש האָט נישט דערמאָנט דעם ענין חנוכה אין אַ באַזונדער משנה, ווייל ער האָט געהאַט פאַרדרוס אויף די חשמונאים, וואָס זיי האָבען זיך גענומען צוויי קרוינען: די מלוכה און די כהונה, וועלכע זיי האָט נאָר געקומט די כהונה קרוין, אָבער די מלוכה קרוין האָט געהערט צו דוד'ס פאַמיליע. און דאָס וואָס זיי האָבען גענומען ביידע קרוינען איז געווען די סיבה צו דעם ברידער-קאַמף, וואָס דורך דעם איז געקומען דער חורבן. און אַלס פּראָטעסט אויף דער אויפפיהרונג אין דעם ענין, האָט רבינו הקדוש נישט דערמאָנט דעם נצחון חנוכה אין אַ באַזונדערער ספּעציעלער משנה.

**ענליך** צו דעם וואָלט איך געזאָגט מיין השערה: אז דאָס, וואָס אין קרובץ פון פורים אין פיוט פון חזרת הש"ץ איז אויף יעדער ברכה איז דאָ פיוט, אויסער ביי דער ברכה: „את צמח דוד" איז קיין פיוט נישטאָ, האָב איך געזאָגט, אַז פיליכט איז דער

פייטן אויסען געווען דערמיט, דאָס ווייל די העלדען פון נס פורים זענען דאָך מרדכי ואסתר, וועלכע שטאַמען פון שאול המלך, איז דעריבער צוליעב זייער כבוד ווענגען האָט דער פייטן נישט פאַרפאַסט קיין פיוט ביי דער ברכה „את צמח דוד". נאָר איך האָב געפונען אין א מחזור, געדרוקט אין יאָהר תרל"ח אין בראָדי, איז אין סוף פיוט פון שחרית חזרת הש"ץ של יום כפור, ברענגט ער פון אַ גאונ'ס נאָמען אַ טעם, וואָס איז עס איז נישטאָ קיין פיוט אין קרובץ לפורים ביי „את צמח דוד", ווייל דער פייטן פון דעם קרובץ איז רבי אליעזר הקליר, וועלכער איז אַ ירושלמי, און אין ירושלמי ווערט געבראַכט, אַז פון דער צייט, וואָס מען האָט מתקן געווען די ברכת המינים, האָט מען די ברכה פון את צמח דוד פאַראייניגט מיט דער ברכה ולירושלים עירך, כדי עס זאָל ניט זיין מעהר, ווי שמונה עשרה ברכות (אַכצעהן ברכות). זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז ביי את צמח דוד האָט ר' אליעזר הקליר נישט געקענט מאַכען קיין פיוט, איז נישטאָ קיין אָרט פאַר מיין השערה. אָבער מיין השערה אין ענין חנוכה בלייבט פעסט. איך קען ברענגען פיעל ביישפילען, אַז פיעל מאמרים זענען געזאָגט געוואָרען פון חז"ל צוליב דעם כבוד פון זייער משפחה.

**דער של"ה הקדוש** ברענגט: די גמרא אין ראש השנה, דף ל"ב זאָגט: „דתקנו אנשי כנסת הגדולה לומר עשרה פסוקי מלכות, זכרונות, שופרות,

הני עשרה כנגד מי? רבי אומר: כנגד י׳ הלולים שאמר דוד בספר תהלים. רב יוסף אומר: כנגד עשרת הדברות שנאמרו למשה בסיני. רבי יוחנן אומר: כנגד י׳ מאמרות שבהם נברא העולם״. — די אנשי כנסת הגדולה האָבען מתקן געווען צו זאָגען ראש השנה אין מוסף צעהן פסוקים מלכות, זכרונות און שופרות אַנטקעגען וועמען זענען דאָס צעהן פסוקים? רבי זאָגט: דאָס איז אַנטקעגען די צעהן הללו׳ס, וואָס דוד האָט געזאָגט אין תהלים אין קאַפּיטעל „הללויה, הללו אל בקדשו״. רב יוסף זאָגט: ס׳איז אַנטקעגען די עשרת הדברות. ר׳ יוחנן זאָגט, אַז דאָס איז קעגען די צעהן מאמרים, וואָס מיט זיי האָט ג־ט די וועלט באַשטפען. זאָגט אויף דעם דער של״ה הקדוש, אַז רבי הקדוש, ווייל ער שטאַמט פון דוד׳ן, זאָגט ער אַ זאַך, וואָס איז ביי דוד׳ן. ר׳ יוסף, וועלכער מען פלעגט איהם רופען מיט׳ן נאָמען סיני, צוליעב זיין פיעל קלאָר זיין אין דער תורה, דעריבער דערמאָנט רב יוסף דעם טעם, צוליעב די עשרת הדברות ביים באַרג סיני. (עהנליך צו דער השערה וועגען רב יוסף׳ן האָב איך באַמערקט אין מסכת קדושין, דף כ׳, ווערט געבראַכט: „אמר רב יוסף, דרשינהו רב נחמן להני קראי כסיני״. ער האָט געריהמט, וואָס רב נחמן האָט געזאָגט, האָט ער זיך אויסגעדריקט מיט די ווערטער, „אַז רב נחמן האָט גע־דרש׳ענט די פסוקים אַזוי ווי פון סיני״, ווייל איהם האָט מען געריהמט מיט דעם נאָמען סיני, פלעגט ער ביי יעדער געלעגענהייט דערמאָנען דעם נאָמען סיני.

מיט דעם קען מען אויך זאָגען דעריבער געפינען מיר אויך אין גמרא פסחים, דף ס"ח: „רב יוסף ביומא דעצרתא עבדו לו עגלא תלתא אמר אי לאו האי יומא דקא גרים, כמה יוסף איכא בשוקא", רב יוסף'ן פלעגט מען מאכען שבועות א שיינע סעודה פון א גוטען קאלב, רב יוסף האָט געזאָגט דאָס די שמחה זיינע איז זייער גרוים ווען נישט דער טאָג וואָלטן א סאַך יוסף'ם געווען, ער האָט געמיינט צו בעטאָנען דער יחוס פון שבועות איז דער בארג סיני, און דאָס רופט מען דאָך איהם. רבי יוחנן, וועלכער האָט געהאָט די שעהנקייט פון אדם הראשון (אין פרק השוכר את הפועלים אין בבא מציעא), אדם הראשון איז דאָך דער אָנפאנג פון מעשה בראשית, אזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין דער גמרא ראש השנה, ווי ווער איז מען מתפלל „זה היום תחילת מעשיך" (אַז היינט איז דער טאָג פון דעם אָנפאַנג פון דיינע אַרבייטען) — דאָס איז ווי רבי אַליעזר, וועל־כער האלט, אַז די וועלטס-באַשפונג האָט זיך אָנגע־הויבען פינף און צוואַנציג טעג אין אלול. דער מענש איז באַשאַפען געוואָרען זעקס טעג שפּעטער. איז דאָס ראש חודש תשרי. און דער של"ה הקדוש ברענגט אַ באַווייז צו זיינע רייד, אַז יעדער איינער פון די חז"ל האָט גע'דרשנ'ט צוליעב אַזעלכע טעמים פון רש"י אין סנהדרין, דף צ"ח, ביי דער פראַגע פון דער גמרא: „מה שמו של משיח?" (ווי איז דער נאָמען פון משיח), רבי שילא זאָגט, אַז זיין נאָמען איז שילה, ווי אין פסוק שטעהט „עד כי יבא שילה". רבי ינאי זאָגט, אַז זיין

נאָמען איז ינון, ווי אין פסוק: „יהי שמו לעולם לפני שמש ינון שמו". רבי חנינה זאָגט, אַז זיין נאָמען איז חנינה. זאָגט אויף דעם רש"י הקדוש, אַז יעדער איינער האָט גע'דרשנ'ט לויט זיין נאָמען. אויך ינון איז ענליך צו ינאי.

**דער עיקר** פון מיין השערה איז, אַז רבנו הקדוש מיט זיין גרויסער עניוות אין זיין פּריוואַטען לעבען, ווי עס ווערט געבראַכט אין סוף מסכת סוטה: „משמת רבי בטלה ענוה" (מיט'ן טויט פון רבי איז בטל געוואָרען ענוה), אָבער ווען עס איז געקומען צום כלל, האָט ער אפילו אויף אַ האָר נישט פאַרציכטעט, אַזוי ווי דער ענין נשיאות (די פירערשאַפט פון פאָלק) און דאָס גלייכען. אויך געפינען מיר אין מסכת כתובות דף ק"ג, ביי דער צואה פון רבנו הקדוש, וואו ער זאָגט אָן זיין זוהן רבי גמליאל „נהג נשיאותך ברמה". (זאָלסט פיהרען דיין הערשאַפט מיט שטאָלץ). דער פי־רער פון פאָלק קען מוחל זיין אויף זיין אייגענעם כבוד, אָבער ער טאָר ניט מוחל זיין אויף זיין כבוד, ווען ס'איז נוגע דעם כלל, וואָרום דאָס קען שאַדען דעם כלל. דעריבער האָבען די חז"ל ענטשיידען אין נאָמען פון דער תורה, אַז: „מלך שמחל על כבודו אין כבודו מחול" (אַ קעניג טאָר נישט פאַרציכטען אויף זיין כבוד). די זאַך איז פאַרשטענדליך: ווייל דער כבוד איז נישט זיינ'ס אַ פּריוואַט זאַך, פאַר זיך אַליין, נאָר דער כבוד איז דעם פאָלק'ס כבוד. דעריבער האָט

ער נישט קיין רעכט אויף דעם מוחל צו זיין. און רבנו הקדוש אויך דאָס, וואָס ער האָט נישט פאַרציכטעט אויף דעם כבוד פון די נשיאות, איז דאָס גאָר פון עניוות, ווייל ער האָט בשום אופן נישט געקענט אָנ־ריהרען דעם כבוד פון דער געזעלשאַפט. האָט ער דע־ריבער געהאַנדעלט געגען זיין געוואוינהייט, אָבוואָהל פון זיין נאַטור איז ער געווען אַנ׳עניו. אָבער צוליעב׳ן פאָלק האָט ער זיך געשטאַרקט געגען זיין נאַטור, און האָט געפיהרט די נשיאות מיט שטאָלץ און האָט געהאַלטען פעסט די נשיאות, זי זאָל נישט איבערגע־ריסען ווערען. איז אפילו די גרעסטע פון פאָלק, וואָס רבי האָט זיך צו זיי באַצויגען מיט׳ן גרעסטען יראת־הכבוד, ווי דער תנא רבי מאיר, וועגען וועלכען רבי הקדוש האָט זיך באַריהמט, אַז ער איז גרוים דורך דעם, וואָס ער האָט זוכה געווען צו זעהן רבי מאיר׳ן פון הינטען, פונדעסטוועגען, וואו עס האָט זיך געהאַנ־דעלט וועגען די נשיאות (פיהרערשאַפט), האָט ער נישט געשוינט דעם כבוד אפילו פון אַזאַ תנא, ווי רבי מאיר, אָבוואָהל פערזענליך האָט ער זיך באַצויגען צו איהם מיט׳ן גרעסטען כבוד.

# די טובה פון רשעים

די ערשטע פרשה אין שמות פסוק ט"ו: „ויאמר מלך מצרים למילדות העבריות אשר שם האחת שפרה ושם השנית פועה, ויאמר: בילדכן את העבריות וראיתן על האבנים, אם בן והמתן אותו, ואם בת היא וחיה". (האָט געזאָגט פרעה, דער קייזער פון מצרים צו די אידישע הויבאַמס, וועלכע איינע האָט געהייסען שפרה און די צווייטע פועה, ווען איהר וועט קומען צו אידישע געווינערינס און איהר וועט זעהן, אויב עס וועט זיין אַ זוהן — זאָלט איהר איהם טויטען, און אויב אַ טאָכטער — זאָלט איהר זי לאָזען לעבען). עס איז מערקווירדיג: וואָס באַדייט דער צווייטער ויאמר פונ'ם פסוק. ער האָט דאָך נישט איבערגעריסען דעם געשפּרעך מיט זיי, וואָס האָט מען עפּעס אינמיטען אַוועקגעשטעלט אַ צווייטען „ויאמר", שיינט מיר צו זאָגען וועגען דעם, אַז פרעה האָט אָנגענומען מיטלען, כדי זיין גזרה זאָל קענען אויסגעפיהרט ווערען. פריהער האָט ער אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל צו אַלע אידישע הויבאַמס, אַז עס איז זיי פאַרווערט זיך צו באַשעפטיגען מיט זייער פאַך, אָהן דער ערלויבעניש פון דער מאַכט. „ויאמר מלך מצרים למילדות אשר שם" א. א. וו. דער מלך מצרים האָט געזאָגט צו די

אידישע הויבאַמס שפרה און פועה, אַז נאָר זיי גיט ער די ערלויבעניש זיך צו באַשעפטיגען מיט זייער פאַך, און דער מאָטיוו, פאַרוואָס עס ווערט געגעבען די ערלויבעניש דוקא זיי, און נישט קיין אנדערע נור ווייל איינע הייסט פועה און די צווייטע שפרה, און אזוי ווי דער דרש איז, פועה האָט מען איהר גערופען, ווייל זי האָט גערעדט צום קינד און שפרה האָט מען זי גערופען, ווייל זי פלעגט האַלטען שעהן דאָס קינד, דאָס הייסט, אַז צוליעב זייערע מעלות האָט ער זיי געגעבען די ערלויבעניש צו זיין די הויבאמס און נישט קיינע אויסער זיי. אָבער דאָס איז נאָר געווען אַנ׳אויסרייד. אין דער אמת׳ן איז דאָס געווען אַ ספּעקולאַציע, כדי צו פאַרקלענערען די צאָהל פון די אידישע הויבאַמס ביז די צוויי, די מאַכט זאָל האָבען די מעגליכקייט אַכטונג צו געבען, אַז דער באַפעהל זאָל ווערען אויסגעפיהרט. דעריבער נאָך דעם ווי ער האָט זיי באַשטימט אלס הויבאַמס, האָט ער זיי גלייך ענטדעקט דעם אמת, דעם ריכטיגען צוועק, וואָס ער מיינט. איז אינמיטען ריידען שליסט ער דעם פריהערדיגען געדאַנק: „ויאמר בילדכן וגומר״, דאָס וואָס איך האָב נאָר אייך אויסגעוועהלט איז, כדי דער באַפעהל זאָל זיין ווי געהעריג אויסגעפיהרט, דען ווען איהר וועט נאָר זיין נישט מעהר ווי צוויי, וועט גרינגער זיין אַכטונג צו געבען אויף אייך, אַז איהר זאָל ערפיהלען דעם געזעץ, וועלכען איך האָב אַרויסגעגעבען.

# די וועלכע מיידען אוים געזעלשאַפטליכע אַרבייט — שטערען

אין סדרה שמות זיעבעטע פרשה, פסוק ד׳: „ויאמר אליהם מלך מצרים למה משה ואהרן תפריעו את העם ממעשיו לכו לסבלתיכם״ (און עס האָט געזאָגט צו זיי דער קעניג פון מצרים, צו וואָס שטערט איהר, משה און אהרן, דעם פאָלק אין זייער אַרבייט. געהט זיך צו אייער באַשעפטיגונג). עס איז מערקוויר־דיג: דאָס איז דאָך געגען דער עטיק און העפליכקייט צו דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם מענש, צו וועלכען מען רעדט אינמיטען געשפרעך. שיינט מיר, אַז מען קען דאָ זאָגען לויט דער מכילתא אויף דעם פסוק: „ואחר באו משה ואהרן ויאמרו אל פרעה״ א. א. וו. (און דערנאָך איז געקומען משה און אהרן צו פרעה׳ן און זיי האָבען געזאָגט צו פרעה׳ן א. א. וו.), זאָגט די מכילתא: „אבל הזקנים נשמטו אחד אחד מאחרי משה ואהרן עד שנשמטו כולם קודם שבאו לפלטין של פרעה״ (אָבער די עלטסטע פון פאָלק, וועלכע זענען מיטגעגאַנגען, האָבען זיך איינציגווייז אַרויסגערוקט, איידער זיי זענען צוגעקומען צום קעניגליכען פאַלאַץ). פאַרשטעהט זיך, ווען משה און אהרן זענען געקומען צו פרעה׳ן און פרעה האָט זיי געפרעגט: „מי ה׳ אשר

אשמע בקולו?" (ווער איז ג-ט, וואָס איך זאָל איהם הערען?), און זיי האָבען איהם געענטפערט: „אלקי העברים" (דער גאָט פון די עברים האָט אונז געשיקט), האָט זיי פּרעה געווים נאָכהער געפרעגט, ווי איז די מיינונג פון פאָלק וועגען דעם, צי ווילען זיי טאַקע באַפרייט ווערען צו דינען גאָט. און משה ואהרן האָבען איהם געענטפערט: געווים, ווילען זיי, מיט אונז זעענען מיטגעקומען די זקנים, די באַפולמעטכיגטע פונ׳ם פאָלק, דען משה און אהרן האָבען נישט געזעהן, וואָס עס טוט זיך הינטער זיי, אַז די זקנים, וואָס זענען מיט זיי מיטגעגאַנגען האָבען זיך שוין איינציגווייז אַרויסגערוקט און זיך אומגעקערט אַהיים. פּרעה, וועלכער איז געשטאַנען אַנטקעגען זיי, האָט געזעהן, וואָס עס טהוט זיך הינטער זיי, אַז קיינער איז נישטאָ. איז גלייך אינמיטען געשפּרעך: „ויאמר מלך מצרים, למה משה ואהרן תפריעו את העם ממעשיו, לכו לסבלתיכם" — (זאָגט מלך מצרים, ווארום משה און אהרן, שטערט איהר דעם פאָלק פון זיין אַרבייט? געהט זיך צו אייערע אינטערעסען!) מען קען באַמערקען, אַז ביים אַנפאַנג געשפּרעך איז דערמאָנט אין פּסוק: „ויאמר פּרעה" — פּרעה האָט געזאָגט. עס איז נישט דערמאָנט זיין טיטעל, און נאָכהער איז שוין דערמאָנט: „ויאמר מלך מצרים" — (דער קייזער פון מצרים האָט געזאָגט). ווייל אין אָנפאַנג האָט ער גערעדט מיט זיי, אַזוי ווי עס רעדט איין מענש צום צווייטען. ער האָט מיט זיי זיך דורכגערעדט. נאָכהער האָט ער זיי אַ פרעג

געטהאָן, וואָס איז מיט'ן פאָלק, און זיי זענען דורכ־
געפאַלען מיט דעם, וואָס די זקנים זענען ניט געוועזן.
ער האָט געזעהן, אַז משה און אהרן האָבען אַ טעות
אין דעם גאַנצען ענין, האָט ער זיך אָנגערופען צו זיי
מיט כעס: און ער האָט צו זיי אָנגעהויבען רעדען
אַלס קעניג, דער רעגירער פון מצרים, מיט שטרייַנגע
אויסדרוקען, ווי דער פסוק זאָגט: „ויאמר מלך מצרים,
למה משה ואהרן תפריעו את העם ממעשיו, לכו
לסבלתיכם". דער קייזער פון מצרים זאָגט צו זיי,
וואָרום משה און אהרן שטערט איהר דעם פאָלק פון
זיין אַרבייט. דאָס פאָלק האָט אייך נישט דעלעגירט.
דאָס איז נאָר אייער אייגענע איניציאַטיווע, געהט
זיך צו אייערע זאַכען, זוכט זיך אַנדערע געשעפטען,
שטערט נישט דעם פאָלק אין זייער אַרבייט.

# די תורה איז ניט געגעבען געוואָרען צו מלאכים

**אין מסכת חגיגה,** דף ט"ו ווערט געבראַכט: אמר רבה בר בר חנה אמר ר' יוחנן: מאי דכתיב (מלאכי ב'): „כי שפתי כהן ישמרו דעת ותורה יבקשו מפיהו כי מלאך ה' צבאות הוא" (די ליפּען פון כהן היטען וויסענשאַפט און תורה ווערט געזוכט פון זיין מויל, ווייל אַ מלאך פון ג-ט איז ער): „אם הרב דומה למלאך ה' צבאות יבקשו תורה מפיו" (אויב דער רב איז גלייך צו אַ מלאך פון ג-ט, דאַן זאָל מען זוכען ביי איהם תורה). דעם מאמר דאַרף מען פאַרשטעהן. עס איז דאָך ביי אונז אַ כלל, אַז די תורה איז נישט געגעבען געוואָרען צו מלאכים, ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת שבת, דף פ"ט אַ מאמר פון רבי יהושע בן לוי וועגען דעם דיספּוט, וואָס משה רבינו האָט געפיהרט מיט די מלאכים וועגען קבלת התורה. די מלאכים האָבען נישט געוואָלט, אַז די תורה זאָל געגעבען ווערען צו די מענשען. משה רבינו האָט זיי באַזיעגט מיט דער טענה, אַז זיי, די מלאכים נויטיגען זיך נישט אין דער תורה, טענה'דיג צו זיי: צי דען האָט איהר פאָטער און מוטער? צי דען אַרבייט איהר אַ גאַנצע וואָך, זענט איהר דען געווען אין מצרים? צי איז דען

ביי איך דאָ א נייגונג שלעכטס צו טהאָן, אַז איהר זאָלט דאַרפען האָבען די דינים פון דער תורה? און ער האָט זיי אויפגעוויזען, אַז מקבל צו זיין די תורה, דאַרף מען זיין א מענש, און נישט קיין מלאך. לויט דעם מאמר איז דאָך רבה בר בר חנה׳ס מאמר נישט פאַרשטענדליך. וואָס זאָגט ער, אַז דער רב צו לערנען תורה דאַרף זיין א מלאך. אדרבה, צו דער תורה מקבל זיין איז א מלאך א חסרון.

## זיך אינטערעסירען מיט דער לעהרע פון משפט און נישט מיט דאָס געלט פון משפט

**דער שופט** (ריכטער) דאַרף זיין אויסגעטאָן פון יעדע מאַטעריעלישעם ביי געריכטליכע ענינים. ער דאַרף זיין איבערגעגעבען צו זיין אַרבייט מיט זיין גאַנצען געדאַנק, ער זאָל נישט געשטרויכעלט ווערען מיט א פאַלשען משפט, און ביים משפט׳ן דאַרף דער ריכטער זיך נישט אינטערעסירען מיט די געלט, נאָר ער דאַרף זיין אַריינגעטאָן מיט אַלע זיינע געפיהלען אין דער חכמה פון דער תורה, כדי ער זאָל קענען אַרויסגעבען א גערעכטען משפט. עהנליך צו דעם ווערט געבראַכט אין אלשיך הקדוש, אין פרשת יתרו,

וועלכער איז דאָרט מדקדק: וואָס יתרו האָט גערא־טען משה רבנו'ן: „ואתה תחזה מכל העם אנשי חיל וגומר, והיה כל הדבר הגדול יביאו אליך וכל הדבר הקטן ישפוטו הם". (זאָלסט זיך אויסקלייבען פונ'ם גאַנצען פאָלק אָרענטליכע מענשען א. ז. וו. און יע־דע גרויסע זאַך, וואָס וועט פאַרקומען, זאָל געבראַכט ווערען צו דיר און יעדע קלייניגקייט, זאָלען זיי אַליין משפט'ן). און משה רבינו, ווען ער האָט אויסגעקלי־בען די שופטים, שטעהט אין דער תורה: „ושפטו את העם בכל עת, את הדבר הקשה יביאון אל משה, וכל הדבר הקטן ישפוטו הם". (זיי זאָלען משפט'ן דאָס פאָלק צו יעדע צייט. יעדע שווערע זאַך זאָל מען ברענ־גען צו משה'ן, און די קלייניגקייטען, זאָלען זיי אַליין משפט'ן). באַמערקט דערביי דער אלשיך הקדוש, אַז יתרו האָט אונטערשיידעט צווישען אַ גרויסע זאַך און אַ קליינע זאַך, אַזוי ווי דער שטייגער איז, ביי די משפטים פון אַנדערע פעלקער, אַז דער משפט איז אָפּהענגיג פון דער סומע געלט, פון וועלכען דער משפט קומט פאָר. אויב די סומע איז אַ גרויסע, קומט דער משפט פאָר אין העכערען געריכט, ביי ריכטער גרע־סערע ספעציאַליסטען, און אויב די סומע איז אַ קליינע באַגנוגענט מען זיך מיט ריכטער, וועלכע זענען נישט אַזוי געלעהרענט און דער משפט קומט פאָר אין אַ ני־דעריגען געריכט. אָבער משה רבנו האָט געמאַכט אַן אַנדער אונטערשיד, און האָט באַטאָנט, אַז יעדע שווע־רע זאַך זאָל געבראַכט ווערען פאַר גרעסערע ספעצי־

אַליסטען, ווייל דער משפט אינטערעסירט זיך נישט מיט דער סומע געלט, צי דאָס איז אַ גרויסע אָדער אַ קליינע, נאָר אינטערעסירט זיך מיט דעם ענין, און עס איז נישט קיין אונטערשיד צווישען אַ פרוטה און צעהנ־דליגער טויזענטער דאָלאַרען. דער עיקר אונטערשייד איז נאָר אין דעם: אויב דער משפט איז איינפאַך און קלאָר, און עס זענען נישטאָ קיין שום געגנערישע מיי־נונגען, איז גענוג דערצו ריכטער, וועלכע שטעהען אפילו נישט אויף אַזאַ הויכער שטופע, און אויב דער משפט איז אַ פאַרפלאָנטערטער, וועלכער האָט אין זיך אַפּווענדונגען אַהער און אַהין, אָהן אַ גרויסער ידיעה אין דער תורה איז שווער אַרויסצוגעבען אַ גערעכטען אורטייל, אַזאַ משפט מוז שוין געבראַכט ווערען פאַר פיהל מעהר געלערענטע ריכטער, אָבוואָהל די סומע געלט איז אַ קליינע, דען עס האַנדעלט זיך דאָ נישט וועגען דער סומע. דער עיקר אינטערעסירט אונז דער משפט גופא.

**און דאָס איז אויסען געוועזן** רבה בר בר חנה מיט זיין מאמר: „אם הרב דומה וגו׳״, דאָס הייסט: אויב דער רב, וועלכער איז דער לעהרער פון פאָלק אינטערעסירט זיך נישט און טראַכט נישט וועגען מאטעריעלישעס, נאָר אזוי ווי א מלאך פון ג־ט, איז זיין שטרעבונג צו לערנען, צו משפט׳ן, און געבען צו פאַרשטעהן די תורה און משפט פון ג־ט, אויב דער ריכטער און לעהרער פיהרט זיך אַזוי, — דאַן דאַרף

מען זוכען ביי איהם תורה, אָבער אויב דער רב, ווען ער לערענט און משפט דאָס פאָלק, קלערט דאָך וועגען דער מאַטעריעלישער זייט, איז נישט מעגליך, אַז עס זאָלען נישט אַרויף אויף זיין געדאַנק אויך זיינע פּריי־וואַטע מאַטעריעלישע אינטערעסען, און איהם איז שוין שווער אַרויסצוגעבען אַ ריכטיגען אורטייל. יע־דער רב און גייסטיגער פיהרער טראָגט אויף זיך אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט, ווען ער שטעהט אין דער שפּיץ פון פאָלק, ער זאָל נישט געשטרויכעלט ווע־רען מיט דעם אינטערעסירען זיך מיט דעם מאַטערי־עלישעם פון די ענינים און זאָל זיין אונפּאַרטייאיש סיי ביי ענינים פון פרט און סיי ביי ענינים פון כלל.

## צו וויסען ווי זיך צו באַנוצען מיט דער מדה פון ענוה

דער לעהרער דאַרף זיין אַזוי ווי אַ מלאך פון ג־ט, אַז קיין שום באַרירונג זאָל אים ניט אָפּוועג־דען אין אַ זייט, ניט צום רייכען און ניט צום אָרעמען. נאָר דער אמת און דער שלום זאָלען איהם דינען אַלס ליכט פאַר זיינע פיס, נישט שרעקען זיך פאַר קיינעם, נישט צו בויגען דעם קאָפּ פאַר יעדען תקיף (שטאַר־קען), „אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם”, דאָס מיינט, ער זאָל געהן פאַראויס פאַר׳ן פאָלק, נישט דאָס

פאָלק פאַר איהם, און ער זאָל געהן נאָך זיי. אמת די מדה פון ענוה איז איינע פון די וויכטיגסטע און טייער־סטע מדות, ביי אַלע מדות האָבען אונזערע חכמים ז״ל אונז געלעהרענט, אַז דער מענש זאָל נישט זיין עק־סטרעם, נאָר זאָל שטענדיג געהן אין מיטעלען וועג אָבער די מדה פון ענוה (זיך נישט גרויס צו האַלטען) — ביי דער דאָזיגער מדה האָבען אונז אונזערע חכמים אנגעזאָגט צו זיין עקסטרעם. אַזוי ווי דער מאמר פון רבי לויטס איש יבנה אין פרקי אבות, פרק ד׳: „מאד מאד הוי שפל רוח״ (זאָלסט זיך זעהר און זעהר נידע־ריג האַלטען). ער האָט זיך נישט באַגנוגענט מיט איין מאָל „זעהר״, נאָר ער האָט אונז געוואָרענט מיט דאָ־פעל. ער זאָגט אונז „מאד מאד״ (זעהר און זעהר), זאָ־גענדיג דערמיט, אַז דער מענש דאַרף זיך זעהר דער־וויטערען פון גאוה (זיך גרויסהאַלטען). אין אמת׳ן איז די גאוה טאַקע זעהר אַ מיאוס׳ע און פאַרדאָרבענע מדה, און נישט איין חכם איז שוין געוואָרען דורך איהר אַ שוטה, און דאָס גלייכען, נישט איין צדיק איז גע־וואָרען דורך איהר אַ רשע חו״ש. אַזוי ווי עס איז אונז באַוואוסט פון דער פאַרגאַנגענהייט, און אויך פון דער געגענוואַרט, אַז פיעל מענשען, וועלכע זענען באַ־וואוסט אַלס זעהר הויכווירדיגע, זענען אַראָפּ פון גליי־כען וועג צוליעב גאוה און פאַלשען כבוד. פיעל קרבנות זענען געפאַלען ביי אונזער פאָלק צוליעב גאוה, און מיליאָנען מאָל מעהר ביי אַנדערע פעלקער. די געפאַהר פון גאוה און דער פאַלשער כבוד איז גרויס. דער קאָנ־

טראַסט פון גאוה איז ענוה. כדי זיך צו ראַטעווען פון דער גרויסער געפאַהר — די גאוה, מוזען מיר זיך באַנוצען מיט דעם מיטעל, אפילו מיט אַ גרויסער מאָס, כדי מיר זאָלען חו״ש נישט אַריינפאַלען אין דער נעץ פון גאוה און כבוד. ווען די תורה וויל דערצעהלען די גרויסקייט פון משה רבנו׳ם ווירדע, מעסט זי זיין גרויסקייט מיט דער מדה פון ענוה. — די תורה דערצעהלט אונז: — „והאיש משה ענו מאד״ (משה איז געווען זעהר אַן עניו).

**אָבער** נאָך דעם אַלעמען דאַרפען מיר וויסען, אַז זיך צו באַנוצען מיט דער מדה פון ענוה אויף יעדען אָרט און אין יעדער צייט איז אויך נישט מעגליך. אַזוי ווי מען טאָר זיך נישט באַנוצען מיט דער מדה פון גאוה צוליעב דער געפאַהר, וואָס איז פאַרבונדען מיט איהר, אַזוי איז אויך נישט גוט פאַר׳ן מענשען זיך צו באַנוצען שטענדיג מיט דער מדה פון ענוה. דאָס באַנוצען זיך מיט דער דאָזיגער מדה צופיעל איז אויך אַ געפאַהר. למשל: ביי די ענינים, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען ג־ט, ישראל און זיין תורה, זאָל דער מענש ניט זאָגען: „ווער בין איך, דאָס איך זאָל וואַגען צו רעדען געגען פובליקום, געגען דער גאַנצער געמיינדע. די געמיינדע איז דאָך וויכטיגער פון מיר, און איך אונמענש, נישט קיין גרויסע פערזאָן, ווי קען איך דאָס וואַגען ביי זיך צו רעדען געגען זיי״. נאָר ווען דאָס האַנדעלט זיך וועגען דעם, וואָס מיר האָבען אויבען

דערמאָנט, דאַן דאַרף דער שוואַכער זאָגען: איך בין „אַ העלד", און ער דאַרף קעמפּען אין נאָמען פון ג-ט און נישט צו זיין נאָכגיביג און נידעריג זיך צו האַלטען. דעם מענש איז ערלויבט צו פאַרציכטען און מוחל זיין אויף זיין אייגענעם פּריוואַטען כבוד, ווען עס האַנדעלט זיך נאָר וועגען זיין אייגענער פּערזאָן, אָבער ווען עס האַנדעלט זיך וועגען די הייליגטימער פון פאָלק, דאַרף ער זיך באַנוצען מיט זיין גרויסקייט, אָנשטאָדט מיט זיין עניוות.

## איך האָב געהערט, אין נאָמען פון אַ גרויסען מענש,

וועלכער האָט געזאָגט אויף די פּסוקים אין סדרה תשא: „ויאמר ה' הנה מקום אתי ונצבת על הצור והיה בעבוד כבודי ושמתיך בנקרת הצור". — ג-ט האָט געזאָגט: עס איז דאָ ביי מיר אַן אָרט און דו זאָלסט זיך שטעלען אויפ'ן שטיין און ווען איך וועל פאַרבייגעהן, וועל איך דיר אַריינטהאָן אין דעם שפּאַלט פון שטיין. ג-ט האָט געזאָגט צו משה רבנו, דער גרעס-טער עניו פון אַלע מענשען: „הנה מקום אתי", ווען די זאַך אָנבאַלאַנגט „אתי", מיט מיר, דאָס הייסט, אין געטליכע ענינים, „ונצבת על הצור", דאַן זאָלסטו שטעהן בראש, אויבן-אָן, אויף דעם הויכען אָרט, הע-כער איבער אַלע מיט שטאָלץ און ניט צו זיין אַן עניו, נישט זיך צו האַלטען נידעריג, זיך נישט אונטערגעבען די אויפשטעהענדע, אָבער „והיה בעבור כבודי", ווען מיין כבוד וועט אוועקגעהן פון דאַנען, און די זאַך וועט

שוין נישט זיין פאַר מיין כבוד, נאָר פאַר דיינע פּריוואַ-
טע אינטערעסען, דאַן זאָלסטו אַראָפּגעהן פון׳ם שטיין,
פון דעם הויכען אָרט, „ושמתיך בנקרת הצור״, איך
וועל דיך אריינטאָהן אינ׳ם שפּאַלט פון׳ם שטיין, זיין א
„נחבא אל הכלים״, דאַן קאָנסטו זיך פיהרען, ווי שטענ-
דיג, זיך באנוצען מיט דער מדה פון ענוה. און אין דעם
דאָזיגען וועג זענען אויך די נביאים געגאַנגען.

## דער מוסר-זאָגער דאַרף קאָנען די אייגענ-שאַפט פון די, וואָס הערען זיינע מוסר-רייד

**דער נביא ירמיהו**, דער גרויסער עניו, ווען ג-ט האָט איהם באַשטימט פאַר אַ נביא, האָט ער גע-ענטפערט ג-ט, מיט דעם פאָלגענדען אויסדרוק: „אהה ה׳ אלקים לא ידעת דבר״ (אוי וועה מיין ג-ט, איך קען נישט ריידען). מיט זיין גרוים ענוות האָט ער געזאָגט צו ג-ט, אַז ער איז נישט פּאַסיג צו דעם מאַנ-טעל, וואָס ג-ט וויל איהם אָנקליידען. ער קען נאָך גאָר נישט ריידען, ווייל ער איז נאָך גאָר יונג. מיט ענוה באַקלאָגט ער זיך מיט׳ן לשון „אהה״! אוי וועה! אויף דעם, ווי ער וואָלט זאָגען צו ג-ט, געוויס וואָלט איך מיט מיין לייב און לעבען געוואָלט באַשטימט ווע-רען צו זיין דיין שליח, אָבער צום באַדויערען, בין איך אַנ׳איינפאַכער מענש, וואָס קען קיין מויל נישט עפע-

נען. עס איז גאָר קיין צווייפעל נישט, אַז אונזער היי־ליגער נביא ירמיהו האָט מקיים געווען דעם „מאד מאד הוי שפל רוח" (זאָלסט זיין ביי זיך זעהר נידעריג). און דאָס וואָס דער נביא דערמאָהנט ביים אָנהויב פון זיינע רייד זיין יחוס מיט דעם פאָלגענדען לשון: „דברי ירמיהו בן חלקיהו מן הכהנים אשר בענתות בארץ בנימין", וואָס אין פלוג קען מען זעהן פון די דאָזיגע רייד אַ מין גאוה, דערצעהלענדיג זיין גרויסען יחוס און באַריהמענדיג זיך מיט איהם, אַזאַ נוסח ווערט נישט דערמאָהנט כמעט ביי קיין שום נביא. ביי יע־דען נביא ווערט נאָר דערמאָנט זיין נאָמען און פאָטערס נאָמען און די צייט, אין וועלכער ער האָט נביאות גע־זאָגט, אַזוי אויך ישעיהו און אַזוי אויך די איבעריגע נביאים, דערמאָנען נישט זייער גאַנצען יחוס, אַזוי ווי ירמיהו דערמאָנט זיין פאָטערס נאָמען און זיין פאַמי־ליע מיט דעם נוסח „מן הכהנים אשר בענתות", פון די כהנים אין דער שטאָדט ענתות. יעדער מענש מיט אַ געדאַנק, וועלכער לייענט דעם נביא ירמיהו'ס רייד, פאַרשטעהט און דערקענט די ריינע נשמה פון דעם דאָזיגען נביא. דער גאון השר דון יצחק אברבנאל האָט געשריבען אין דער הקדמה צום ספר ירמיהו, „אַז דער נביא איז געווען נאָהענט אין נבואה און אין רוח הקודש צו משה רבנו עליו השלום". איינער פון די אי־דישע היסטאָריקער פון די מעהר באַוואוסטע, ווען ער רעדט וועגען ירמיהו הנביא, שילדערט ער איהם מיט די פאָלגענדע ווערטער: „נפש יפה זכה דקה ורכה".

(שעהנע, ריינע, דינע, קלאָרע, איידעלע נשמה). אין אַלגעמיין זעהען מיר דעם נביא ירמיהו אַלס מאַטעריאַלישלאַז, און לויט דעם בלייבט נאָך שטאַרקער די פראַגע: ווי אַזוי האָט דאָס דער דאָזיגער נביא, דער גרויסער עניו, גערעדט וועגען זיין גרויסען יחוס? אָבער ווען מיר קוקען זיך גוט צו זעהען מיר דאָס פאַרקעהרטע. אדרבה, זיינע רייד קומען טאַקע ארויס פון עניוות. און דאָס וואָס ער רעדט וועגען זיין יחוס, דאָס פאַרענטפערט ער זיך פאַר'ן פאָלק, פאַרוואָס ער הויבט אָן זיינע נביאות און מוסר צום פאָלק און נישט צו די שרים, די פיהרער פון פאָלק און צו די כהנים, אַזוי ווי ישעיהו הנביא, ירמיהו הנביא פאַרענטפערט זיך מיט דעם אוסרייד, אַז עס איז שווער אָנצוהויבען זיין ערשטע נביאות באַלד צו די גרויסע פאָלק, אַזוי ווי עס האָט געטהאָן ישעיהו הנביא, ווייל ער איז נישט גלייך צו ישעיהו הנביא, צו דעם גרויסען נביא, וועלכער איז געווען דער זוהן פון אמוץ, דעם מלך יהודה'ס א ברודער'ס א זוהן (ווי באוואוסט זענען אמוץ און אמציה מלך יהודה געווען ברידער).

## דער נביא ישעיהו האָט זיך נישט געשראָקען פאַר די שרים, הערשער, כהנים און

ריכטער. אויסער דעם האָט ער זיי גאַנץ גוט געקענט, ווייל ער איז ערצויגען געוואָרען צווישען זיי און האָט געוואוסט אַלע זייערע מעשים און זייערע פאַרבאָרגענע אויסגעלאַסענהייט. דעריבער האָט ער געקענט און

אויך זיך נישט געשראָקען צו קריטיקירען זיי, אָנרופענ־דיג זיי: „חברי גנבים, רודפי שלמונים, אהבי שוחד" (חברים פון גנבים יאָגען זיך נאָך באַצאָהלונג, האָבען ליעב אונטערקויף געלד). דעריבער, אז ישעיהו האָט גע־הערט ג־ט׳ס שטימע: „את מי אשלח ומי ילך לנו". (וועמען זאָל איך שיקען און ווער וועט פאַר אונז געהן), האָט ער געפונען זיך פאַרפליכטעט זיך אָפצורופען צו ג־ט"ס שטימע: „הנני שלחני" (דאָ בין איך, שיק מיך), ווייל ער איז דער פּאַסענדער מענש צו דעם. ער קען זיי און ער באַזיצט אויך דעם שטאָלצען גייסט פון דעם קעניגליכען הויז. אָבער איך ירמיהו בין נישט פון די פּאָפּולערע פּערזאָנען, וועלכע האָבען אַ צוטריט צו די אויבערשטע שיכטען. איך בין אויך נישט פון די איינ־וואוינער פון ירושלים, נאָר פון אַ קליינער שטעדטעל, ענתות, וואָס דאָס גרויס שטאָדטישע לעבען איז זיי פרעמד. איך בין אויך פון דעם שבט, וועלכער לעבט אויפ׳ן חשבון פון פאָלק, דאָס הייסט פון די כהנים, און דאָס קען מיר אויך נישט צוגעבען קיין שטאַרקייט און דרייסטקייט צו רעדען באַלד מיין ערשטען אַרויס־טריט צו די גרעסטע פון פאָלק. פאַרלויפיג בין איך גרייט צו רעדען אין נאָמען פון ג־ט נאָר „באזני ירו־שלים" (אין די אויערען פון ירושלים), דאָס הייסט: אין אלגעמיין צום פאָלק און נישט צו באַזונדערע טיילען. נאָך דעם הויבט ער אָן צו רעדען און צו שטראָפען מיט פאַרביטערונג דעם טייל, וועלכער איז איהם אממיינס־טען נאָהענט, דאָס זענען די כהנים, די קינדער פון זיין

שבט. און מיט ג־ט׳ם פייערדיגען ווארט רעדט ער צו זיי: „הכהנים לא אמרו איה ה׳ ותפשי התורה לא ידעוני״ (די כהנים האבען ניט געזאגט, וואו איז ג־ט, און די געלעהרטע ווילען מיך נישט קענען).

**אין אלגעמיין** זעהען מיר, אז דער אנהויב פון זיין נבואה איז מיט אנגענעהמע גלאטע רייד צום פאלק, ווען ער ווענדעט זיך צום פאלק מיט די ווערטער: „כה אמר ה׳ זכרתי לך חסד נעוריך וגומר, קודש ישראל לה׳ כל אכליו יאשמו״ (אזוי האט געזאגט ג־ט: איך געדענק נאך דעם חסד פון דיין יוגענד א. אז. וו., ישראל איז הייליג ביי ג־ט ווי די ערשטע תבואה, ווער עם עסט איהם וועלען באשטראפט ווערען.) און בים־לעכווייז רעדט ער אזוי אין דעם געדאנק אין ג־ט׳ם נאמען, ביז דער קול פון ג־ט ציטערט אויף דעם גאנ־צען פאלק פון עק ביז עק לאנד. מיט זיינע פייערדיגע ווערטער רופט ער: „שוטטו בחוצות ירושלים וראו נא ודעו ובקשו ברחובותיה אם תמצאו איש יש עושה משפט מבקש אמונה ואסלח לה ואם חי ה׳ יאמרו לכן לשקר ישבעו״ (געהט דורך איבער די גאסען פון ירו־שלים, זעהט דערוויסט זיך און זוכט אין אלע איהרע גאסען אויב איהר וועט געפינען א מענש, אויב עס איז דא וועלכער טהוט גערעכטיגקייט און זוכט דעם אמת, וועל איך איהר פארצייען, און אויב זיי זאגען די ווערטער „ג־ט לעבט״, שווערען זיי פאלש, ווייל זיי מיינען אנ־דערש). און אזוי רעדט ער דערנאך צו די קעניגליכע

ליים: „כה אמר ה׳ דינו לבקר משפט והצילו גזול מיד עושק״ (אזוי האָט ג־ט געזאָגט, איהר זאָלט משפט׳ן ריכטיג און רעטעט דעם באַרויבטען פון זיין באַרויבער). צום מלך יהויקים זאָגט ער: „קבורת חמור יקבר סחוב והשלך״ (אַ קבורה פון אַן אייזעל וועט ער באַגראָבען ווערען, געשלעפּט און געוואָרפען).

אין דעם דאָזיגען וועג זענען געגאַנגען די נביאים און די פיהרער פון פאָלק. ענוים אין זייערע אייגענע פּריוואַטע ענינים. אָבער וואָס עס איז אָנבאַלאַנגט צו ג־ט, צו זיין פאָלק און צו זיין תורה, האָבען זיי זיך אָנגעטהאָן מיט געוועהר ווי די העלדען אויסצורייסען דעם שקר און צו פאַרטרייבען דאָס פינסטערניש. אונזער פאָלק האָט ענדליך פאַרשטאַנען, אַז עס איז בעסער דעם ביטערסטער אמת, איידער דער זיסטער שקר, און האָבען זיך אומגעקערט פון זייער וועגוועלכען זיי האָבען געבלאָנדזשעט צוליב דער שולד פון זייערע פאַלשע נביאים. ענדליך האָבען זיי אנערקענט די גערעכטיגקייט פון דער תורה וואָס זי זאָגט: „מדבר שקר תרחק״ (פונ׳ם שקר זאָלסטו זיך דערווייטערען). אבוואהל עס געפינען זיך אייניגע ענינים וואָס דער ציעל הייליגט די מיטלען, און ביי די אנדערע פעלקער באַנוצט מען זיך מיט דעם לויט׳ן געזעץ פון זייערע געזעץ־געבער, אַז דער צוועק הייליגט די מיטלען. וויפיל מאָרד און רויבערייען איז באַגאַנגען געוואָרען אין זייער וועלט אונטער דער דאָזיגער מאַסקע. אמת, אויך

ביי די חז״ל ווערט דערמאָנט: „גדולה עברה לשמה״ (כדי אויסצופיהרען אַ גוטע זאַך איז אַמאָל ערלויבט צו באַגעהן אַן עבירה). אָבער זיך באַנוצען מיט דעם אויף יעדען אָרט און אין יעדע צייט און בפרט וואו עס האַנדעלט זיך ווענען דער מלחמה פון אמת מיט׳ן שקר, איז בשום אופן נישט ערלויבט צו שטעלען העכער דעם שקר איבער׳ן אמת.

**דערמיט האָב** איך ערקלערט דעם פסוק אין משלי, כ״ג: „אמת קנה ואל תמכר חכמה ומוסר ובינה״ (קויף דעם אמת און פאַרקויף נישט חכמה, מוסר און פאַרשטאַנד). דאָס הייסט: דעם אמת זאָלסטו קיינמאָל נישט פאַרקויפען אפילו צוליב חכמה, מוסר און פאַרשטאַנד; אפילו צוליב די דריי טייערע זאַכען זאָלסטו דעם אמת נישט פאַרקויפען. און דאָס איז די מליצה פון „חותמו של הקב״ה אמת״ (דער אמת איז דער זיגעל פון ג־ט). אַ זיגעל איז אַזאַ זאַך וואָס איז נישט צו ענדערען אפילו עטוואָס. דאָס מיינט, דער אמת איז ג־ט׳ס זיגעל, קאָן מען אין אמת גאָרנישט ענדערען. ווען מען זאָל אין אמת עטוואָס ענדערען, איז ער דאָך שוין נישט קיין אמת מעהר. ווער עס נעמט נאָר עפּעס אַראָפּ פונ׳ם אמת פעלשט ער דערמיט דעם זיגעל פון ג־ט. אין דעם ווענ זיינען געגאַנגען די נביאים פון ג־ט מיט זייער גאַנצער גרויסע עניוות אין זייער פריוואַטנעם לעבען. אָבער אין דער צייט ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט ווענען פאָלקס לעבען,

דאַן האָבען זיי מיט זייער גאַנצער פעסטקייט און שטאָלצען גייסט געזאָגט דעם אמת. דעם דאָזיגען וועג האָבען זיי אויך אויסגעטראָטען פאַר אַלע פאָלקס לעה־רער און פאָלקס פיהרער, אַז דער אמת׳ער אמת אָהן שום פגימות איז אַ נויטווענדיגקייט און מען קען איהם נישט ענדערען אויף קיין שום אָרט און אין קיין שום צייט.

# די שקלאַפעריי און די פרייהייט

**סדרה יתרו** אין די עשרת הדברות, ביים ערשטען דבור: „אנכי ה׳ אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים” (איך בין דיין ג-ט, וועלכער האָט דיר ארויסגענומען פון דעם לאַנד מצרים, פון דער פאַר־שקלאַפונג הויז). ברענגט דער אבן עזרא אויף דעם: „רבי יהודה הלוי האָט מיך געפרעגט, פאַרוואָס האָט ג-ט דערמאָנט: איך בין דיין ג-ט וואָס האָט דיך ארויס־גענומען פון מצרים, און ער האָט נישט געזאָגט דער וואָס האָט באַשאַפען הימעל און ערד און דיך באַשאַ־פען? ” די פראגע איז פאַרשטאַנדליך פאַר אלעמען. אויב ג-ט וויל דערצעהלען צו די אידען זיין גרויסקייט און זיינע מעשים, וועלכע ער האָט געטאָן, כדי זיי זאָלען וויסען און זאָלען גלויבען אין איהם, איז דאָך דאָס באַ־שאַפען פון הימעל און ערד און מענש מעהר וויכטיגער פון דעם וואָס ער האָט ארויסגענומען די אידען פון מצרים. האָט ער דאָך, אַלזאָ, געדאַרפט אָנהויבען די „עשרת הדברות” מיט דעם: איך בין דיין ג-ט, וועל־כער האָט באַשאַפען הימעל און ערד און דיך. דער אבן עזרא זכרונו לברכה, פאַרענטפערט די פראגע אויף זיין שטייגער: ג-ט האָט אָנגעהויבען פון יציאת מצרים, כדי זיי צו זאָגען די ענדערונג וואָס ער האָט

געמאַכט אין זיי. דען לויט די איינריכטונג פון די פלאנעטען וואָלטען די בני ישראל געדאַרפט זיין קנעכט אין מצרים, און ג-ט האָט זיי ארויסגענומען פון די פּלא־נעטען זיי זאָלען זיין פאַר איהם אַ פאָלק.

**לויט מיין מיינונג** וואָלט מען דאָ געקאָנט זאָגען פאלגענדעס: עס איז פאַראַן אַ לעגענדע, וועלכע דערצעהלט, אַז ווען שמעון הצדיק האָט זיך גע־טראָפען מיט אלכסנדר מוקדון, האָט שמעון הצדיק צו איהם געזאָגט פאלגענדעס: ווער עס רעגירט איבער דיר איז מיין קנעכט און מיין קנעכט רעגירט איבער דיר. דער מלך האָט זיך אויפגערעגט צוליב דעם, ווייל ער האָט גערעכענט שמעון הצדיק׳ס רייד אלס פרעכ־הייט, און האָט איהם באַפוילען אַלס קעניג און הער־שער, צו ערקלערען זיינע רייד. שמעון הצדיק האָט ערקלערט זיינע רייד מיט דעם: די ליידענשאַפט וועל־כע הערשט איבער דעם מלך און באַפעהלט איהם, אַז ער זאָל געהן אין איהר וועג, די דאָזיגע ליידענשאַפט ביי מיר — הערש איך איבער איהר און וואו איך וויל ווענדע איך איהר. און דערמיט איז פאַרשטענדליך וואָס איך האָב געזאָגט, אַז מיין קנעכט הערשט איבער דיר און דער וואָס הערשט איבער דיר איז מיין קנעכט.

**די רייד** פון שמעון הצדיק לערנען אונז, מיר זאָלען ניט האָבען קיין טעות און מיינען, אַז ליידענ־שאַפטליכע, וואָס הערשען איבער׳ן געזעץ זיינען די

העלדען, וועלכע שרעקען זיך נישט פאר קיין זאך און די צדיקים וועלכע שרעקען זיך פאר אַ זינד, וועלכע זענען מקיים דעם פסוק: „אשרי אדם מפחד תמיד" (גליקליך איז דער מענש וועלכער שרעקט זיך שטענ־דיג), זיי זיינען די טרוסען, שרעקענדע, נידערגעשלאָ־גענע. נאָר פארקערט: די זינדיגע, די ליידענשאפט־ליכע, זיי זיינען די שוואכע, נידערגעשלאָגענע טרוסען, וועלכע באזיצען ניט קיין קראפט צו קעמפען געגען זייער ליידענשאפט, און די ליידענשאפט הערשט אי־בער זיי אומבאגרענעצט. זיי זענען אונטערגעוואָרפען זייער ליידענשאפט; זיי זענען פארשקלאפט צו איהר. די ליידענשאפט האט פאָליציאנטען, וועלכע שטעהען צו איהר באפעהל אויף צום נויטען דעם ליידענשאפט־ליכען צו ערפילען זיין שקלאפישע ארבייט, נישט צו רוהען נישט בייטאָג און נישט ביינאכט. די פאָליציאנ־טען זענען פארשידען אין זייערע געשטאלטען. אמאָל קומען זיי אין געשטאלט פון עסען און טרינקען; אמאָל אין געשטאלט פון יאָגען זיך נאָך כבוד, באפוילען אויף דעם ליידענשאפטליכען ער זאָל וואוינען אין אַ שעהנע דירה, זיך צו קויפען די שעהנסטע און טייערסטע מע־בעל און אויך זיך צו קליידען עלעגאנט און נאָך און נאָך. שלאָגען איהם מיט ריטער, ער זאָל נישט רוהען, נאָר ער זאָל ארבייטען און ארבייטען.

**עס איז איינגעפיהרט** אין דער וועלט, אַז אַ קנעכט וועלכער דינט ביי זיין הערר, זענען די אר־

בייטס שטונדען באַגרענעצט. נאָך זיינע ארבייטס שעה'ען רוהט ער פון זיין ארבייט, און ווער רעדט נאָך בייזאַכט? דאַן שלאָפט ער געוויס אויף זיין געלעגער אָהן שטערונג. אין דער צייט פון שלאָף ווייסט ער נישט פון קיין קנעכטשאַפט. פאַרקערט. צייטענווייז חלום'ט ער, אַז ער איז דער העדר און זיין הערר אר־בייט גאָר ביי איהם. אויך אין שבתים און יום־טובים איז דער קנעכט פריי פון זיין ארבייט. און אפילו אין זיינע ארבייטס שעה'ען איז דער קנעכט צייטענווייז נישט קיין קנעכט אין פולען זין פון וואָרט. און זיין גאַנצע קנעכטשאַפט איז נאָר מיט זיין קערפּער, מיט זיין אויסערליכקייט. אָבער אין זיין געדאַנק, אין זיין גייסט און נשמה אינערליך, איז ער פריי און אדעלמאַן, און אין די ארבייטס שעה'ן זענען אַלע זיינע געדאַנקען פאַרנומען מיט דעם ווי אזוי פטור צו ווערען פון זיין הערר און נישט צו זיין קיין קנעכט, נאָר אַ פרייער זעלבסטשטענדיגער מענש. אזוי ארום איז זיין גאַנצע קנעכטשאַפט נישט מעהר ווי אַ פיזישע, אַן אויסערלי־כע. דאָס איז אַלץ ביי אַ קנעכט, וועלכער דינט ביי אַ צווייטען. אָבער דער קנעכט וועלכער זיצט אין דעם מענשען אינווייניג, דאָס הייסט, דער אייגענער קנעכט, דעם דאָזיגען קנעכט גיט מען נישט קיין רוה. אויף יעדען אָרט און אין יעדע צייט שטעהט איבער איהם זיין הערר און צווינגט איהם צו ארבייטען, נישט נאָר פיזישע ארבייט, נאָר אויך גייסטיג איז ער פאַר־שקלאַפט. און נישט נאָר אין באַגרעניצטע שעה'ען,

נאָר שטענדיג. קיין איינציגע מינוט האָט ער נישט קיין פרייע. אפילו ביינאַכט אויפ'ן געלעגער, ליגען זיי ביידע — דער הערר מיט דעם קנעכט צוזאַמען און לאָזט איהם נישט שלאָפען. האָט נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט, נישט קיין שבת און נישט קיין יום־טוב. נאָר אַרבייט און אַרבייט. ער האָט נישט קיין שום געדאַנק און מחשבה, דען די ארבייט און דער געדאַנק זענען געגנער איינער צו צווייטען.

די תורה דערצעהלט, אַז פּרעה, ווען ער האָט געהערט, אַז עפּעס אַ ווינט פון באַפרייאונג בלאָזט ביי די אידען, און די בענקשאַפט צום ג־ט פון זייערע על־טערען האָט זיך דערוועקט ביי זיי, האָט ער געזאָגט: „תכבד העבודה על האנשים ויעשו בה ואל ישעו בדברי שקר" (עס זאָל באַשווערט די ארבייט אויף די מענשען און זאָלען זיי זיך נישט פאַרנעהמען מיט קיין פאַלשען). ער האָט זיך באַנוצט מיט דעם מיטעל פון פיעל אַר־בייט, כדי צו ערנידעריגען זייער הייליגען גייסט. ער איז מיט דער באַשווערונג פון דער ארבייט אויסען גע־ווען צו ברעכען זייער שטאָלץ, אַז זיי זאָלען מער נישט קלערען וועגען פרייהייט. אין פּרעה'ס רייד דאַרף באַ־טאָנט ווערען, דאָס וואָס ער האָט זיי דאָס מאָל אָנ־גערופען „אנשים" (מענשען) און נישט „עבדים" (קנעכט), אזוי ווי ער פלעגט זיי פריהער רופען. מיט דעם רופען זיי „אנשים" איז ער אויסען געווען צו זאָ־גען, אַז עס האָט שוין אָנגעהויבען קענטיג ווערען ביי

זיי די סימנים פון מענשליכקייט וואָס ליידעט נישט קיין קנעכטשאַפט און דעריבער דאַרף מען קעמפען מיט אזעלכע מיטלען, וועלכע זאָלען אויסרייסען מיט׳ן וואָרצעל די מענשליכקייט פון זיי. דער בעל התאוה איז דער אמת׳ער קנעכט. ער דינט און איז פאַר־שקלאַפט צו יעדע זאַך וואָס זיינע אויגען זעהען, ער גלוסט און איז אונטערגעוואָרפען צו אלעם.

## די תורה קען זיך נישט האַלטען נאָר ביי מענשען מיט אן אידעלען גייסט

**אָבער מיר**, דער פאָלק ישראל, וואָס מיר האָבען מקבל געווען די תורה פון לעבעדיגען ג־ט, לערענט אונז צו לעבען אַ לעבען פון פרייהייט, און נישט קיין קנעכטישען לעבען, נישט קיינעם אונטער־וואָרפען זיין, נאָר צו זיין אַ הערשער און באַפעלער, איבערהויפט זיך זעלבסטבאַהערשען. אבוואהל מען זאָגט, אז די ארבייט מאַכט זים דאָס לעבען, אָבער צו יעדע זאַך דאַרף זיין אַ גרעניץ און אַ צייט. די תורה זאָגט אונז אָן צו ארבייטען זעקס טעג אין דער וואָך און דעם זיבעטען טאָג רוהען. און אויך זאָגט אונז אָן די תורה צו באַארבייטען דאָס פעלד זעקס יאָהר און אין דעם זיבעטען יאָהר צו רוהען פון יעדע פעלד ארבייט. די תורה לערענט אונז אויסצורייסען פון אונזער האַרץ

דעם קנעכט, וועלכער זיצט אין אונז, און אז דער פריי־
הייטס לעבען זאָל ווירקען אויף אונז צו זיין אַ הער־
שער איבער זיך אליין און זיך נישט אונטערגעבען די
תאוה, נאָר מיט אַ שטימע פון אַ הערשער און באַפע־
לער צו פאַרטרייבען די תאוה.

**צו זיין אַ הערשער** אין גייסט פון דער תורה, דאָס
האָט באַטאָנט רבי יהושע בן לוי (אין מסכת
אבות, פ"ו) אין זיין מאמר אויפ'ן פסוק: „והמכתב
מכתב אלקים הוא חרות על הלוחות" (אין דער שריפט
איז ג־ט'ם שריפט אויסגעקריצט אויף די לוחות). „אל
תקרי חָרות אלא חֵ ר ו ת שאין לך בן חורין
אלא מי שעוסק בתורה" (זאָלט נישט לייענען חָרות,
(אויסגעקריצט), נאָר חֵרות (פרייהייט). אַ פרייער מענש
הייסט נאָר דער, וועלכער איז עוסק אין לערנען תורה).
כדי צו זיין אַ תלמיד חכם דאַרף מען פריהער צו זיין
אַ פרייער מענש. אָבער צו זיין פאַרשקלאַפט און צו
לעבען לויט דער תורה — דאָס זענען צוויי קאָנטראַס־
טען. די תורה קאָן זיך האַלטען נאָר ביי אַ בן־חורין,
אַ פרייען און שטאָלצען גייסט. די תורה איז דער
גרעסטער שונא פון קנעכטשאַפט און ערנידערונג. אַ
קנעכט וועלכער וויל נישט ארויסגעהן פריי פון זיין
הער, בויערט מען איהם דעם אויער. אין דער גמרא
(קידושין דף כ"ב), ווערט געבראַכט: רבי יוחנן בן

זכאי האָט גע'דרש'נט: וואָס איז עפּעס דער אויער אנדערש פון אלע גלידער אין גוף? ג-ט האָט געזאָגט: דער אויער, וועלכער האָט געהערט אויפ'ן באַרג סיני בשעת איך האָב געזאָגט: „כי לי בני ישראל עבדים" ולא עבדים לעבדים והלך זה וקנה אדון לעצמו ירצע". (ביי מיר זענען די בני ישראל קנעכט און נישט קנעכט ביי קנעכט און דער איז געגאַנגען און האָט זיך גע־קויפט אַ הער, זאָל ער געבויערט ווערן. אין ירושלמי (קידושין פרק א' ה"ב), ווערט געבראַכט: „אמר להם רבן יוחנן בן זכאי אזן ששמעה על הר סיני לא יהיה לך אלקים אחרים והלך זה ופרק מעליו עול מלכות שמים וקבל עליו עול בשר ודם ירצע". (רבן יוחנן בן זכאי האָט געזאָגט: דער אויער וועלכער האָט גע־הערט אויפ'ן באַרג סיני זאָלסט נישט האָבען קיין אנדערע געטער און דער איז געגאַנגען און פון זיך אראָפּגעוואָרפען דעם יאָך פון דעם הימלישען קעניגרייך און האָט אויף זיך גענומען דעם יאָך פון אַ מענש, וועלכער איז פון פלייש און בלוט, זאָל ער געבויערט ווערן.

**פון די מאמרים** פון ר' יוחנן בן זכאי זעהען מיר אויף ווי ווייט דערגרייכט די שנאה פון ג-ט צו דער קנעכטשאַפט, אַז ער זאָגט: אַז ווער עס איז אַ קנעכט וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם יאָך פון דעם הימ־לישען קעניגרייך און איז עובר אויף: „לא יהיה לך אלקים אחרים". די קנעכטשאַפט איז פאַלקאָם געגען

די געטליכקייט און דער תורה. איצט איז אונז שון פארשטענדליך, אז ווען ג-ט איז אראפ אויפ'ן בארג סיני צו געבען אונז די תורה, איז זיין ערשטער דבור געווען מיט אונז אלס אן הקדמה צו דער תורה — איהר זאלט וויסען זיין, אז „אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים". (אז איך בין דיין ג-ט, וועלכער האט דיר ארויסגענומען פון לאנד מצרים פונ'ם קנעכטשאפט הויז). מיין ווילען איז גע־ווען אז איהר זאלט נישט זיין קיין קנעכט, ווייל די קנעכטשאפט איז די שאנדע פון דער מענשהייט, זי שטערט אלע געזעצען און גערעכטיגקייטען: דען אין דעם באשטאנד פון קנעכטשאפט קען איך זיך נישט פארלאזען אויף אייך און אייך צו גלויבען, אז איהר וועט וויסען ווי צו שעצען די תורה.

**עם ווערט** געבראכט אין דער גמרא (בבא מציעא דף פ"ו: „אמר אברהם אבינו לעבדו אליעזר לא מיהמנא לך, היינו דאמרי תמן לית הימנותא בעבדי" (אברהם אבינו האט געזאגט צו זיין קנעכט אליעזר, איך גלויב דיר נישט. דאס איז וואס מען זאגט דארטען, א קנעכט קען מען נישט גלויבען. ג-ט האט געזאגט, אז אין קנעכטישע באדינגונגען קאן איך אייך נישט געבען די תורה, וועלכע איז דער סימבאל פון פריי־הייט, פון אדעלקייט און פון שטאלצען גייסט. אויב איהר וועט ערפילען דעם תנאי נישט צו זיין קיין קנעכט גיב איך אייך די תורה. מיט די דאזיגע רייד

מיינע, ווערט פאַרענטפערט די פראגע פון רבי יהודה הלוי זצ"ל, אַז ג-ט איז אויסען געווען מיט זיין ערשטען דבור צו שטעלען זיי פריהער דעם באַדינג נישט צו זיין אַ פרייער מענש. דאָס איז וואָס מיר זאָגען ביי דער ברכה איבער דער תורה: „אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו" (וואָס האָט אונז אויסדער־וועהלט פון אלע פעלקער און האָט אונז געגעבען זיין תורה). אַז דאָס געבען אונז די תורה איז דער איבער־צייגענסטער באַווייז, אַז מיר זענען דאָס אויסדער־וועהלטע פאָלק פון אלע פעלקער און מיר באַזיצען אַ אינערליכע פאַרבאָרגענע איידעלקייט. ווארום ווען ניט דאָס וואָלט אונז ג-ט די תורה נישט געגעבען. נאָר געוויס איז, אַז ער האָט אונז אויסדערוועהלט פון אלע פעלקער, ווייל מיר צייכענען זיך אוים מיט אונזער שטאָלצען גייסט און מיט דער פיינדשאַפט צו קנעכט־שאַפט, וועלכעס ביי אנדערע פעלקער איז דאָס נישטאָ און מיט דעם קראפט באַנוצען מיר זיך אין יעדער גע־לעגענהייט און קיין שום אומה ולשון הערשט נישט אי־בער אונזער אינערליכען גייסט. ג-ט, די תורה און ישראל זענען איינם.

## די שטימע און די לופט

**אין מכילתא** יתרו פרשה ט': „וכל העם רואים את הקולות", „רואין את הנראה, ושומעין את הנשמע דברי רבי ישמעאל, רבי עקיבא אומר רואין

ושומעין את הנראה". (און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געזעהן די קולות, זיי האָבען געזעהן דאָס זעהענדע און געהערט דאָס געהערטע, אַזוי זאָגט רבי ישמעאל. רבי עקיבא זאָגט, זיי האָבען געזעהן און געהערט דאָס זעהענדע). רבי עקיבא׳ס רייד זעהען אונז אויס וואונדערליך. אונז איז באַוואוסט, אַז די גלידער פון דעם מענשען זענען איינגעטיילט אין זייער ארבייט. צום ביישפיל: דער אויער איז די מאשינע פון הערען און די אויג איז די מאשינע פון זעהן. אָבער נישט דער אויער זעהט און נישט דער אויג הערט. צום ביישפיל: ווען מיר זאָלען פאַרמאַכען דעם מענשען זיינע אויגען און מיר וועלען צוטראָגען צו זיין אויער אלע שעהנסטע געשטאַלטען און פאַרבען פון דער וועלט וועט ער גאַרנישט שפירען, ווייל זיין אויער האָט קיין געמיינזאמס מיט דעם זעהן. און אויך דאָס זעלבע ווען מיר זאָלען פאַרשטאָפען ביים מענשען זיינע אויערען און מיר וועלען לאָזען הערען פאַר זיינע אויגען די שעהנסטע מוזיק פון דער וועלט, וועט ער גאַרנישט ווערען באַווירקט און וועט גאַרנישט שפירען, ווייל זיינע אויגען גיבען איהם גאַרנישט איבער פון די ענינים, וועלכע געהערען צו שטימע. דעריבער דאַרף מען פאַרשטעהן רבי עקיבא׳ס רייד וואָס ער זאָגט, אַז זיי האָבען געזעהן און געהערט דאָס זעהענדע. וואָס פאַר אַ צוזאמענהאַנג האָט „הערען" מיט „זעהן"? פיל פון די מבארים (ערקלערער) אויף דער תורה האָבען ארויסגעזאָגט זייער מיינונג אין דעם. אויך איך דער אָרעמער

אין חכמה וועל ארויסזאָגען מיין שוואכער מיינונג אין דעם מיט ג־ט׳ס הילף.

**אין מסכת חגיגה** (דף ה׳), ווערט געזאָגט אויפ׳ן פסוק (עמוס ד׳): „כי הנה יוצר הרים ובורא רוח ומגיד לאדם את שחו" (ער בילדעט די בערג און באַשאַפט דעם ווינד און זאָגט דעם מענש אלעם וואָס ער רעדט). פרעגט די גמרא: „מאי מה שחו? אמר רב אפילו שיחה יתרה שבין איש לאשתו מגידין לו לאדם בשעת מיתתו" (אין רמב"ם הלכות דעות, פרק ה׳, איז געשריבען: „אפילו שיחה קלה". — וואָס הייסט „מה שחו", האָט רב געזאָגט אפילו אַ איבעריגער געשפרעך צווישען אַ מאַן און זיין פרוי זאָגט מען דעם מענשען בשעת זיין טויט). פון רב׳ס מאמר לערנען מיר, אַז דער ענין פון ריידען איז אַ גרויסער ענין און עס ווערט נישט פאַרפאַלען, נאָר עס בלייבט. און בכלל לערנען מיר, אַז די תורה וואָרנט אונז צו זיין פאָרזיכטיג מיט׳ן ריידען צו ערפילען דאָס וואָס די מויל האָט ארויסגערעדט. יעדער מענש איז פאַרפליכטעט צו ערפילען זיין נדר וואָס ער האָט ארויסגערעדט מיט זיין מויל, און דער וואָס איז עובר אויף דעם, איז עובר אויף אַ „לא תעשה" און אויף אַ „עשה", אזוי ווי עס שטעהט: „לא יחל דברו ככל היוצא מפיו יעשה" (ער זאָל נישט פאַרבייטען זיין וואָרט, אלץ ווי עס געהט ארוים פון זיין מויל אזוי זאָל ער טאָן). און אין מסכת שבת, דף ל"ב, ווערט געבראַכט: „בעון נדרים בנים מתים, בעון

נדרים מתה אשה של אדם" (צוליב די זינד פון נדרים שטאַרבען קינדער און עס שטאַרבט אויך דעם מענ־שענ'ס פרוי). אויך ווערט דאָרט געבראַכט (דף ל"ג): „בעון נבלות פה צרות רבות וגזרות קשות מתחדשות ובחורי שונאי ישראל מתים, יתומים ואלמנות צועקין ואין נענין" (צוליב די זינד פון נבול פה (ציניק) אַסאַך צרות און שווערע גזירות באַנייען זיך, יונגע־לייט שטאַרבען, יתומים און אלמנות שרייען און ווע־רען נישט געענטפערט). דאָס וואָס די תורה און אונ־זערע חכמים וואָרענען אזוי וועגען דעם ריידען און באַזונדער רב אין זיין מאמר וועלכער זאָגט: „אַז ווע־גען יעדען לייכטען געשפּרעך וועט מען פרעגען דעם מענשען בשעת זיין יום הדין". ביז צו אונזערע צייטען אין וועלכע מיר לעבען אין זיי, זענען די אלע דאָזיגע זאַכען געווען אין אונזערע אויגען אַלס זאַכען, וועלכע שטעהען העכער פון דער נאטור און שכל און אויפ'ן איינפאַכען אופן זענען זיי אונז נישט געווען פאַר־שטענדליך. אָבער אין די צייטען אין וועלכע מיר לע־בען, וואָס די חכמות ווי פיזיקע, כעמיע, טעכניק און עלעקטריציטעט, אנטוויקלען זיך מיט ריזיגע טריט און דורך דער ראַדיאָ הערען מיר דאָס רעדען, אָדער אַ מעלאָדיע פון איין עק וועלט ביז צום צווייטען. צום ביישפּיל: אויב אַ מענש רעדט, אָדער זינגט אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אמעריקא הערען מיר אין דער זעלבער מינוט דאָס רעדען אָדער דאָס זינגען אין דער גאַנצער וועלט. מיר האָבען זיך איבערצייגט, אַז

דער קול איז אַ רעאַליטעט און נישט נאָר קיין גייסטי-געס ווי מיר האָבען געמיינט ביז היינט. נאָר די שטימע ווען זי געהט ארויס ווערט זי באַלד אָפּגעדרוקט און פאַרצייכענט אין דער לופט און זי געהט אוועק ביז אין דער אונענדליכקייט. און ווען מיר זאָלען, למשל, רעדען אין אַ הויז געבויט פון מארמאר, וואָס האָט נישט אין זיך קיין שפּעלטעל און די שטימע מוז איבערבליי-בען אין שטוב, איז אַז ווען מיר זאָלען מאַכע די פּראָבע איבערצואוועגען דאָס הויז פאַר דעם ריידען און נאָכ-ער נאָך אַמאָל איהר איבערוועגען נאָכ'ן ריידען, וועלען מיר זעהן, אַז צוליב דעם ריידען איז פאַרשווערט גע-וואָרען די געוויכט פון דאָס הויז. פאַרשטעהט זיך, אַז די פּראָבע דאַרף זיין אויף אַ וואָג, וועלכע ווייזט מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט.

**זעהען מיר**, אַלזאָ, אַז די שטימע האָט אַ געוויכט.

אַ שטאַרקע שטימע קאָן אויך צוברעכען כלים, יעדע שטימע לויט איהר שטאַרקייט. און אזוי אויך געפינען מיר אין דער גמרא, (בבא קמא דף י"ח, אין קידושין דף כ"ד): „והתני רמי בר יחזקאל תרנגול שהושיט את ראשו לאויר כלי זכוכית ותקע בו ושברו משלם נזק שלם, ואמר רב יוסף, אמרי בי רב: סוס שצנף וחמור שנער ושבר את הכלים משלם חצי נזק" (רמי בר יחזקאל האָט געלערנט: אַ האָן וועלכער האָט אויסגעצויגען זיין קאָפּ אין דער לופט פון אַ גלעזערנע כלי און האָט אין איהר אריינגעשריגען און די כלי איז

צובראָכען געוואָרען ווערט באַצאָהלט דער גאַנצען שאָ־
דען. און רב יוסף זאָגט, דאָס ביי רב'ן אין ישיבה האָט
מען געזאָגט, אַז אַ פערד אָדער אַן אייזעל, וועלכע האָ־
בען געשריגען און האָבען צובראָכען כלים דאַרף באַ־
צאָהלט ווערען אַ האַלבער שאָדען *). רב'ס רייד זענען
באַגרינדעט אויף די רייד פון דעם נביא, וועלכע זענען
אויך, נאַטירליך, באַגרינדעט. דער נביא ערקלערט
זיינע רייד, אַזוי ווי די שאַפונג פון די בערג און פון
דעם ווינד זעהט דאָך יעדער איינער פון אונז און מיר
טאַפּען זיי אָן מיט אונזערע הענט, אַזוי איז אויך דאָס
ריידען פון דעם מענש אַ רעאַלע זאַך און אַלע רייד,
וועלכע מיר האָבען אַלע גערעדט אונזער גאַנצען לע־
בען זענען נישט פאַרלאָרען געגאַנגען און געפינען זיך
אין דער ווירקליכקייט. און אַזוי ווי מיר ווייסען היינט,
אַז דער ראַדיאָ אַפּאַראַט כאַפּט אויף די שטימע פון
דעם רעדנער אָדער דעם זינגער און צעטראָגט איהר
אויף אַלע עקען פון דער וועלט, אַזוי וועט קומען אַ טאָג
וואָס וועט אנטשטעהן אַ נייער אַפּאַראַט, וועלכער וועט
געפינען אין דער לופט אויך די שטימען און רייד וועל־
כע זענען געהערט געוואָרען מיט פיל טויזענטער יאָ־
רען צוריק, ווייל דאָס רעדען איז אַ רעאַלע זאַך, געהט
אַרום אין רוים פון דער וועלט. היינט קאָן מען פאַר־
שטעהן מיט'ן פשוט'ן שכל די רייד פון רב'ן: „אַז

*) „רב'ס מאמר ווענען מאַראַל איז מסכת חגיגה איז פאַר־
בונדען מיט זיין יורידישען מאמר אין בבא קמא און קדושין, ווייל
ער האַלט, אַז שטימונג איז נישט בלויז גייסטינעס, נאָר דאָס איז אַ
רעאַליטעט, וואָס האָט אַ ממשות'דיגע באַדייטונג.

בשעת דער מענש שטעהט צום משפט נאָכ׳ן טויט איז אפילו אַ לייכטער געשפּרעך צווישען אַ מאַן און זיין פרוי ווערט געפונען״. און איצט איז אונז פאַר־שטענדליך וואָס די תורה און אויך חז״ל זענען געוועז אזוי שטרענג אין ענין פון רייעדן. אויך איז דאָ א שפּרוך וואָרט: „אַ קלאַפּ פאַרגעהט און אַ וואָרט באַשטעהט״. דאָס הייסט, דער קלאַפּ קען זיך מיט דער צייט אויס־היילען, אָבער דער וואָרט וואָס איז ארויסגערעדט גע־וואָרען בלייבט אויף אייביג, ער ווערט נישט פאַר־פאַלען.

## פאַרוואָס זעהען מיר נישט די שטימע אין דער לופט

**און אויב מען** וועט פרעגען, אַז מיר לעבען אין אַזאַ צייט פון חכמה און ערפינדונגען, אַז עס געפינען זיך שוין אין אונזערע הענט אַזעלכע אינסטרו־מענטען, ווי: אַ מיקראָסקאָפּ, טעליסקאָפּ, וואָס פאַר־גרעסערען און דערנעהענטערען די קלענסטע זאַך צו אונזערע אויגען, מיר מישען ממש אין די שטערען, ווי אַ קעכין מיט אַ קאָך לעפעל אין טאָפּ, טאָ פאַרוואָס זעהען מיר נישט די שטימע אין דער לופט? איז מיין מיינונג אין דעם: עס איז דאָך באַוואוסט, אַז די מאַ־טעריאַלען וועלכע געפינען זיך אויף דער וועלט אונ־

טערשיידען זיך אין זייערע אייגענשאַפּטען. צום ביי־שפּיל, דאָס מאַטעריאַל „ערד" איז דאָס גרעבסטע פון אַלע מאַטעריאַלען. יעדער איינער זעהט עס און טאַפּט עס אָן מיט'ן האַנט. ווען מיר ווילען גראָבען אין דער ערד קענען מיר דאָס אַזוי לייכט נישט מאַכען מיט דער בלויזער האַנט, נאָר מיר מוזען גראָבען מיט אַן אייזער־נעם רידעל. אנדערש פון דעם איז וואַסער, וועלכע איז אויך אַ גראָבער מאַטעריאַל, וואָס מיר זעהען איהם און קענען איהם אָנטאַפּען מיט די הענט, אָבער ער איז דאָך נישט אַזוי דיק און גראָב ווי די ערד, און ווען מיר ווילען מישען אין וואַסער שטעקט מען אריין די הענט אין וואַסער און מען קאָן לייכט מישען, און אויב דאָס וואַסער איז קלאָר, קען מען קוקען אין וואַסער און מען קאָן זעהן דורכ'ן וואַסער אַ געוויסע שטרעקע, אַזוי ווי דורכ'ן לופט.

**נאָך אַ מעטעריאַל** איז פאַראַן, וועלכער איז גאָר אנדערש פון די וועלכע מיר האָבען דערמאָנט.

דעם מאַטעריאַל באַמערקען מענשען כמעט נישט. מיט אַן אויבערפלעכליכען בליק קאָן מען מיינען, אַז דאָס איז גאָר קיין מאַטעריאַל נישט, נאָר דאָס איז עפּעס אַ מין גייסטליכעס, אָט דאָס וואָס מיר רופען עס לופט און עס איז אַזוי דין, די מענשען שפּירען זיך אין דער לופט פריי אָהן שום שטערונג, הויבען אויף און לאָזען אַראָפּ זייערע הענט אין דער לופט. די לופט טיילט נישט אָפּ און פאַרצוימט אונז נישט דעם וועג צום געהן

און צוזעהן אין דער ווייטקייט. אין אונזערע אויגען זעהט אוים די לופט ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען. אָבער אין דער אמת׳ן ווייסען מיר דאָך קלאָר, אַז אויך די לופט איז אַ גראָבער מאַטעריאַל. פאַרשטעהט זיך, אַז זי איז נישט אזוי גראָב ווי ערד און וואַסער, אָבער אויך גענוג גראָב און פאַרפולט דעם גאנצען רוים פון דער וועלט. די לופט איז אַרום דעם מענש, איבער׳ן מענש און אין מענש אינעווייניג. אַ איינפאַכען ביי־שפיל קאָנען מיר זעהן: ווען מיר לויפען פיהלען מיר, אַז מיר שפאַלטען די לופט און מיר צוטיילען עס אויף צווייען און מיר זענען אין דער מיטען, און צוליב דעם וואָס מיר דריקען שטאַרק די לופט געהט ארוים אַ ווינד לויט׳ן ערך פון דעם לויף־קראַפט. אַממיינסטען שפירען מיר דאָס ווען מיר פאָהרען אין אַ באַן (טריין) און אין וועג טרעפען מיר אָן אַ באַן, וועלכע געהט אונז אנטקעגען אויף דער צווייטער ליניע (ליין), וועל־כע איז נאָהענט צו דער ערשטער ליניע. דיביידע באַנען לויפען מיט דער גרעסטער שנעלקייט. ווען מיר זיצען אין וואגאָן (קאר) נעבען אַן אָפענעם פענסטער שפירען מיר דעם רעש און דעם ציטער אין אונזער קערפער פון דעם דורכשניידען די לופט. עס איז אַלזאָ, נישטאָ וואָס צו צווייפלען, אַז די לופט איז אַ גראָבער מאַטעריאַל. די לופט איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאַר־שידענע מאַטעריאַלען, וועלכע האָבען אַ ממשות, ווי: זויערשטאָף, שטיקשטאָף, אַביסעל קוילן־שטאָף און איי־דעלע גאזען ווי העליום און נאָך. די לופט איז אויך פול

מיט לעבעדיגע באַשעפענישען, קליינע פליגעלעך, גאַנץ קלייניקע באַשעפענישען, וועלכע ווערען גערופען באַ־צילען, מיקראָבען. עס איז נישטאָ קיין אָרט, וואו זיי זאָ־לען זיך נישט געפינען, אָט די דאָזיגע באַשעפענישען. מיר שפירען נישט זייער עקזיסטענץ צוליב זייער קלייניקייט, אָבער זיי מאַכען פול דעם רוים פון דער וועלט. איך האָב געהערט, אַז אויף דער שפּראַך פון קבלה ווערען די באַצילען גערופען די „נגעי בני אדם" (די פּלאָג פון די מענשען). די דאָזיגע באַשעפענישען זענען ארום אונז און אויך אין אונז. מיר ציהען זיי אריין אין זיך מיט אונזער אָטעם און מיר לאָזען זיי ארויס צוריק. איצט איז אונז שוין פאַרשטענדליך פאַר־וואָס מיר זעהען נישט די שטימע און דאָס ריידען אין דער לופט, ווייל די שטימע איז פאַרשטעהט זיך, פון די גאָר דינסטע זאַכען, נאָך דינער ווי די לופט און דער מאַטעריאל וועלכער ווערט גערופען לופט פאַר־צוימט אונז, פאַרשטעלט אונז, אַז מיר קאָנען איהם נישט זעהן.

## בשעת מתן־תורה איז די שטענדיגע לופט פאַרשוואונדען

**און מיט דעם** וועלען מיר צוקומען צו אונזער ענין.

אין מדרש רבה, ענדע פרשת יתרו, ווערט געבראַכט: „אמר רבי אבוה בשם רבי יוחנן כשנתן

הקב״ה את התורה צפור לא צוח, עוף לא פרח, שור לא געה, אופנים לא עפו, שרפים לא אמרו קדוש, הים לא נזדעזע, הבריות לא דברו, אלא כל העולם שותק ויצא הקול אנכי ה׳ אלקיך״. (האָט געזאָגט רבי אבוה אין דעם נאָמען פון רבי יוחנן, ווען ג־ט האָט געגעבען די תורה האָבען די פויגעל נישט געשריגען, קיין גע־פליגעל נישט געפלויגען, דער אָקס האָט נישט געברילט, די אופנים (אזוינע מלאכים) זענען נישט געפלויגען, די מלאכים האָבען נישט געזאָגט קיין „קדוש״, דער ים האָט זיך נישט באַוועגט, די מענשען האָבען נישט גע־רעדט, די גאַנצע וועלט האָט געשוויגען, און עס איז אַרוים די שטימע „איך בין דיין ג־ט״.) און אפשר האָט אויך דער פייטן זיך געשטיצט אויף דעם דאָזיגען מדרש אין דער תפלה פון ראש השנה׳דיגען מוסף, וועלכער זאָגט דאָרט: „ובריות בראשית חרדו ממך בהגלותך מלכנו על הר סיני ללמד לעמך תורה ומצות ותשמיעם את הוד קולך״ (די באשעפענישען האָבען פאַר די גע־ציטערט ווען דו, אונזער קעניג, האָסט זיך באַוויזען אויפ׳ן באַרג סיני צו לערנען דיין פאָלק תורה און מצוות און דו האָסט זיי געלאָזט הערען דיין מאיסטע־טישע שטימע). ווייל בעת מתן תורה האָט זיי ג־ט פאַרטריבען פון דעם וועלט רוים, האָבען זיי זיך גע־שראָקען אַז פילייכט וועלען זיי זיך שוין קיינמאָל מעהר נישט צוריקקערען. דער מדרש פון ר׳ אבוה אין נאָ־מען פון ר׳ יוחנן ווייזט אונז, אַז בשעת קבלת התורה איז די לופט פון דער וועלט געווען ריין, קלאָר און

דורכזיכטיג. אַלע באַשעפעניִשען און מאַטעריאַלען פון דער לופט האָבען אויפגעהערט צו זיין. די שטענדיגע לופט מיט אַלע איהרע קערפּערשאַפטען איז פאַר־שוואונדען געוואָרען און אויף איהר אָרט איז געקומען אַ לופט אַ געלייטערטע, אַ ריינע, אַ הימלישע לופט.

**דערמיט איז אונז** פאַרשטענדליך אויך דאָס וואָס ווערט געבראַכט אין מסכת שבת (דף פ״ח) אַ מאמר פון רבי יהושע בן לוי, אַז יעדען וואָרט וואָס איז ארוים פון ג־ט׳ס מויל איז ארוים פון די בני ישראל זייערע נשמות, ווי עס ווערט געזאָגט: „נפשי יצאה בדברו״ (מיין נשמה איז ארוים ווען ער האָט גערעדט). אין מדרש רבה ווערט געבראַכט „פרחה נשמתן״ (עס איז ארויסגעפלויגען זייערע נשמות), און ער האָט זיי צוריק לעבעדיג געמאַכט מיט׳ן טוי פון אויפלעבונג, ווייל די שטענדיגע געוועהנליכע לופט איז אוועק פון דער וועלט און דעריבער האָבען זיי נישט געהאַט דעם נויטיגען מאַטעריאל צו אָטעמען, און די נשמות זענען פון זיי ארויסגעפלויגען.

**די מאמרים** פון די חכמים וועלכע איך האָב דער־מאָנט זאָגען, אַז די לופט איז דאַן געווען קלאָר און געלייטערט. זי איז דאַן געווען אַ הימלישע, דעריבער האָבען זיי דאַן געקענט זעהן דאָס דינע פון די דינסטע, ווי די שטימע און דאָס ריידען, און ס׳איז אונז שוין גוט פאַרשטענדליך דער מאמר פון רבי עקיבא׳ן: „וכל העם רואים את הקולות — רואים

ושומעין את הנראה", — זיי האָבען געזעהן און גע־הערט דאָס זעהענדע. מיט מיינע רייד וועלען אונז ווערען פאַרשטענדליך דאָס וואָס עס ווערט געבראכט אין מדרש רבה, סוף פרשת יתרו, אויף דעם פסוק: „את הדברים האלה דבר ה' אל כל קהלכם קול גדול ולא יסף". אמר ר' שמעון בן לקיש מהו ולא יסף? אלא כשאדם קורא לחברו יש לקולו בת קול, אבל הקול כשהיה יוצא מפי הקב"ה לא היה לקולו בת קול ואם תמה אתה על זה הרי אליהו כשבא להר הכרמל כנס כל כומרים ואמר להם: קראו בקול גדול כי אלקים הוא, מה עשה הקדוש ברוך הוא הדמים את כל העולם והשתיק את העליונים והתחתונים והיה העולם תוהו ובהו כאילו לא היה בריה בעולם, שנאמר אין קול ואין עונה ואין קשב שאם ידבר הם אומרים הבעל עננו" (די דאָזיגע רייד האָט ג־ט גערעדט צו אייער גאַנצען פּובליקום, אַ גרויסע שטימע, וועלכע איז ניט ווידער־האָלט געוואָרען. האָט געזאָגט רבי שמעון בן לקיש, וואָס באַדייטען די ווערטער „ולא יסף", נאָר ווען אַ מענש רופט זיין חבר הערט זיך אַ ווידער קול, אָבער דער קול וועלכער איז ארויס פון ג־ט'ס מויל האָט נישט געהאַט קיין ווידער קול, און אויב דו וואונדערסט זיך אויף דעם, האָט דאָך אליהו הנביא ווען ער איז גע־קומען צום באַרג כרמל צונויפגעזאמעלט אלע כומרים און האָט צו זיי געזאָגט: רופט מיט אַ גרויסען קול, ווייל ער איז דאָך אַ „גאָט". וואָס האָט ג־ט געטאָן? ער האָט געמאַכט שטיל די גאַנצע וועלט און געמאַכט

שטיל די אויבערשטע און די אונטערשטע און די וועלט איז געוואָרען תוהו ובהו, גלייך ווי קיין באַשעפעניש וואָלט נישט געווען אויף דער וועלט. ווי עס ווערט גע־זאָגט: קיין שטימע און קיין ענטפער, ניט קיין קלאַנג, ווייל אויב מען וואָלט געהערט עפּעס ריידען וואָלטען די כומרים געזאָגט, אַז די עבודה זרה האָט זיי געענט־פערט).

לויט דעם ווי איך האָב ערקלערט די רייד פון דעם פריהערדיגען מדרש, אַז די שטענדיגע לופט איז אוועק און אויף איהר אָרט איז געקומען אַ הימ־לישע לופט, און דעריבער האָט מען געקאָנט זעהן די קולות. און דערמיט וועט אונז שוין ווערען פאַר־שטענדליך אויך די רייד פון דעם מדרש, פאַרוואָס איז אין דעם דאָזיגען קול נישט געווען קיין ווידער־קול. עס פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס וואָס מיר הערען אַ ווי־דער קול (אַ עכאָ) נאָכדעם ווי דער קול הערט אויף, איז דאָס צוליב דעם, לויט ווי מיר האָבען ערקלערט, אַז אויך דער קול איז אַ רעאלע און אַ מעטעריאלע זאַך און די לופט איז דאָך געווים אַ רעאלע און מאַטער־יאלישע זאַך, דעריבער אזוי ווי מען קלאַפּט איין זאַך אין דער צווייטער, הערט זיך דאָך אַ קלאַנג צוליב דעם קלאַפּ פון איין זאַך אָן דער צווייטער, אזוי איז אויך ווען דער קול קלאַפּט זיך אָן אין דער לופט הערט זיך אַ ווידער־קול. אָבער ביי מתן תורה, ווען די לופט איז געווען ליידיג פון אלעם, געלויטערט און גערייניגט פון

יעדער מאטעריאלישעס, ווען דער קול פון ג־ט איז ארוים האט ער נישט אָנגעטראָפען קיין שום מאטער־יאלישעס אין זיין וועג. דעריבער ווערט געזאָגט ביי דעם קול: „קול גדול ולא יסף". צו דעם קול איז נישט צוגעגאַנגען נאָך אַ קול, ווייל דער קול פון ג־ט האָט נישט אָנגעטראָפען קיין שום מאטעריאל וואָס זאָל זיך אין איהם אָפּקלאַפּען, דעריבער איז נישט געהערט גע־וואָרען קיין שום ווידער קול.

# דאָס לערנען די תורה פון די באַשעפענישען

**אין מסכת עירובין** דף ב׳: „אמר רב חייא מאי דכתיב (איוב ל״ה) מלפנו מבהמות ארץ ומעוף השמים יחכמנו״, מלפנו מבהמות זו פרדה וכו׳, ומעוף השמים יחכמנו זה התרנגול וכו׳. אמר רבי יוחנן אילמלא לא נתנה תורה לישראל למדנו צניעות מחתול וגזל מנמלה ועריות מיונה ודרך ארץ מתרנגול וכו׳״. (רבי חייא האָט געזאָגט, וואָס באַדייט דער פסוק: „מלפנו מבהמות ארץ ומעוף השמים יחכמנו״ (ער לערענט אונז פון די בהמות און פון די געפליגעל מאַכט ער אונז קלוג), מלפנו בהמות דאָס איז דער מויל־אייזעל און מעוף השמים יחכמנו דאָס איז דער האָן (רוסטער). רבי יוחנן זאָגט, ווען די תורה וואָלט נישט געגעבען געוואָרען, וואָלטען מיר געלערענט צניעות (זיטליכקייט) פון דער קאַץ, גזל פון דער נמלה, עריות (זנות) פון דער טויב, דרך־ארץ (אָנשטענדיגקייט) פון דעם האָן (רוסטער). מיט זייערע מאמרים זענען זיי אויסען געווען צו זאָגען: ווען מיר קוקען זיך צו צו דער נאַטור און צו דער אייגענשאַפט פון יעדען בעל־חי (לעבעדיגעס וועזען), זעהען מיר ביי יעדען איינעם עפּעס אַ לערע ווי זיך צו פיהרען אין לעבען, און ווען

מיר וועלען זיי פאַראייניגען אַלע צוזאַמען דאַן וועלען מיר געפינען אין זיי אַ גאַנצע תורה פון אויפפיהרונגען און מידות און ווען די תורה וואָלט נישט געגעבען געוואָרען וואָלטען מיר אלץ געלערענט פון די בעלי חיים.

לויט די דערמאַנטע מאמרים ערקלערט דער מלבי"ם זכרונו לברכה דעם פיוט פון דער תפילה פון ראש השנה'דיגען מוסף: ובריות בראשית חרדו ממך בהגלותך מלכנו על הר סיני ללמד לעמך תורה ומצות". (אלע באַשעפענישען האָבען זיך געשראָקען פאַר דיר, ווען דו האָסט זיך באַוויזען אויפ'ן באַרג סיני צו לערנען דיין פאָלק תורה און מצוות). די באַשעפענישען האָבען זיך געשראָקען בשעת מען האָט געגעבען די תורה אויפ'ן באַרג סיני, אַז זיי זאָלען נישט אונטערגעהן פון דער וועלט, ווייל נאָכ'ן געבען די תורה וועלען זיי שוין נישט נויטיג זיין פאַר דער וועלט זיך צו לערנען פון זיי, ווייל ג-ט גיט אַ תורה אַ געאָרדענטע און אייגענריכטענדע. די רייד פון דעם גאון ז"ל זענען אויסנאַהמע! מיין מיינונג וועגען דעם איז, אַז דעריבער האָבען זיך די באַשעפענישען געשראָקען בשעת מתן תורה, לויט דעם וואָס עס ווערט געבראַכט אין מסכת עבודה זרה (דף ג') אַ מאמר פון רבי שמעון בן לקיש: ג-ט האָט אויסגענומען אַ תנאי מיט די באַשעפענישען בשעת זייער באַשאַפונג: „אויב די אידען וועלען מקבל זיין די תורה איז גוט און אויב נישט וועל איך אומקערען די וועלט צו תוהו ובהו" (צו נישט זיין).

דאָרט ווערט געבראַכט אַ מאמר פון רבי חזקיה: „מאי דכתיב משמים השמעת דין ארץ יראה ושקטה. אם יראה למה שקטה? ואם שקטה למה יראה? אלא בתחילה יראה ולבסוף שקטה". (רבי חזקיה זאָגט, וואָס באַדייט דער פסוק: פון הימעל האָסטו געלאָזט הערען גערעכטיגקייט, די ערד האָט זיך געשראָקען און געווען רוהיג. פרעגט זיך: אויב זי האָט זיך גשראָקען איז זי דאָך נישט געווען רוהיג און אויב זי איז געווען רוהיג האָט זי דאָך זיך נישט געשראָקען? נאָר פון אָנפאַנג האָט זי זיך געשראָקען און אמענדע האָט זי זיך באַרוהיגט). אויף דעם ערקלערט רש"י, פון אָנ־פאַנג האָט זי זיך געשראָקען אפשר וועלען די אידען נישט וועלען אָננעמען די תורה און דאַן וועט די וועלט זיך אומקערען צו תוהו ובהו און אַמענדע ווען די אידען האָבען די תורה אָנגענומען מיט די ווערטער: „נעשה ונשמע", (מיר וועלען טאָן און הערען), האָט זי זיך באַרוהיגט. און דאָס איז אויסען געווען דער פייטן, אַז די באַשעפענישען האָבען זיך געשראָקען בשעת מתן תורה, פיליכט וועלען די אידען נישט וועלען אָננעמען די תורה און ג-ט וועט אַלץ אומקערען צו תוהו ובהו.

מיר וועלען זיך אומקערען צו אונזער ענין, אַז לויט די דערמאָנטע מאמרים, ווען די תורה וואָלט נישט געגעבען געוואָרען וואָלטען מיר געקאָנט לערנען די גאַנצע תורה פון די באַשעפענישען. איז דאָ צו פרעגען: צו וואָס האָט ג-ט געגעבען די תורה און

וואָס איז דאָס אזוי דער טומעל מיט'ן געבען די תורה, מיר האָבען דאָך שוין געהאַט אַ תורה פון די באַשעפענישען? אמת זי איז נישט געווען איינגעאָרדענט, געשריבען אַ ספר אויף פאַרמעט, נאָר צואוואָרפען און נישט אויפגעשריבען. אָבער אין דער ווירקליכקייט איז זי דאָך געווען די תורה און מיר וואָלטען דאָך געקאָנט לערנען פון איהר, דאָס הייסט פון די באַשעפענישען. עהנליך צו דעם איז אויך דאָ צו פרעגען אויף דעם וואָס מיר געפינען אין קידושין (דף ד') און אין נאָך ערטער: „מלתא דאתיה בקל וחומר וכתב לה קרא" — (אַ זאַך, וועלכע מען קאָן אָפּלערנען פון אַ קל וחומר (איינע פון די דרייצעהן מדות אָפּצולערנען עפּעס פון אַ גרינגע זאַך אויף אַ הארבע זאַך, אויב ביי דער גרינגער זאַך געפינט זיך אַ הארבער ענין געפינט ער זיך ביי דער הארבער זאַך געוויס), דאָך האָט זיך די תורה באַמיהט און געשריבען אויף דעם באַזונדער אַ פסוק. אזוי ערקלערט זיך די גמרא דאָרט אויף דעם פסוק: „תושב כהן ושכיר לא יאכל קודש". תושב הייסט אַזאַ קנעכט אַ אידישער, וועלכער איז פאַרקויפט געוואָרען אויף אייביג, דאָס הייסט, אַזעלכער וואָס מען האָט איהם געבויערט דעם אויער און דינט זיין הערר ביז יובל. „שכיר" הייסט אַ געדונגענער קנעכט, וועלכער דאַרף נאָר דינען זעקס יאָהר, און אויב זיי דינען ביי אַ כהן טאָרען זיי נישט עסען קיין קודש, דאָס הייסט, תרומה, וואָס נאָר אַ כהן מעג דאָס עסען. פרעגט די גמרא: צו וואָס האָט געדאַרפט די

תורה שרייבעןביידע „תושב" און „שכיר", עס איז דאָך געגוג געווען זי זאָל שרייבען, אַז אַ תושב טאָר נישט עסען קיין קודש וואָלטען מיר שוין געוואוסט אַז אויך אַ שכיר טאָר נישט, ווייל מיר וואָלטען דאָס גע־קאָנט אָפּלערנען מיט אַ קל וחומר: מה דאָך אַ תושב, וועלכער איז אַ אייביגער פאַרקויפטער ביז יובל טאָר ער נישט עסען קיין תרומה, היינט אַ שכיר, וועלכער איז נאָר אַ קנעכט אויף זעקס יאָהר, דאַרף ער געוויס נישט טאָרען עסען קיין תרומה. ענטפערט אויף דעם גמרא, אַז א זאַך, אבוואָהל מען קאָן דאָס אפּלערנען מיט א קל וחומר האָט זיך די תורה באמיהט און גע־שריבען א באזונדער פסוק.

די גמרא דאַרף מען פאַרשטעהן. דוכט זיך, אַז די מדה פון קל וחומר איז דאָך איינע פון די דרייצעהן מדות וואָס די תורה ווערט דורך זיי ער־קלערט און יעדער זאַך וואָס מען לערנט אָפּ מיט אַ קל וחומר איז גלייך ווי עס וואָלט געשטאַנען אין דער תורה, און נאָך מעהר, ביי אַ קל וחומר איז דאָ אַ מעלה, אזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת פסחים (דף ס"ו) און אין מסכת נדה (דף י"ט): „אדם דן קל וחומר מעצמו ואין אדם דן גזרה שוה מעצמו (שם ברש"י), אלא אם כן קבלה מרבו הלכה למשה מסיני דדילמא קרא למלתא אחריתי אצטריך". דאָס הייסט: אַ מענש קאָן לערנען אַ קל וחומר פון זיך אליין, אָבער קאָן נישט לערנען פון זיך אליין קיין „גזרה שוה" (אַ פאַרגלייך

פון איין דין צום אנדערען דורך אַ גלייכען וואָרט, וועל־
כער געפינט זיך אין דער תורה ביי ביידע), סיידען ער
האָט דאָס באַקומען פון זיין לעהרער אַן הלכה למשה
מסיני, ווייל פילייכט דאַרף מען דאָס האָבען אויף אַן
אנדערער זאַך. איז לויט דעם וואָס איך האָב דאָ גע־
בראַכט קומט אוים, אַז אַ קל וחומר איז שטאַרקער פון
אַ גזרה שוה. אויב אַזוי איז דאָך שווער צו פאַרשטעהן
דעם ענטפער פון דער גמרא: „מלתא דאתיה בקל
וחומר טרח וכתב לה קרא". אַז אַ קל וחומר איז אַזוי
ווי עס וואָלט געווען געשריבען דייטליך אין דער תורה
און נאָך שטאַרקער ווי אַ גזרה שוה, טאָ צו וואָס דאַרף
מען טאַקע דעם פסוק. און ביי אַ קל וחומר איז דאָך
דאָ אַ מעלה וואָס ביי די אנדערע מדות איז דאָס נישטאָ.
די מדה פון קל וחומר איז פאַרשטענדליך פאַר יעדען
מענש, אפילו דער איינפאַכסטער מענש פאַרשטעהט
דעם געדאַנק פון קל וחומר. צום ביישפּיל: אויב מיר
וועלען געבען צו עסען דעם איינפאַכסטען און גראָבס־
טען מענשען אויף אַ פרישטיק אַ קילאָ ברויט און אַ
גלאָז מילך און פון דעם איז ער זאַט געווען פיער שעה,
וועט געוויס דער מענש פאַרשטעהן, אַז אויב מען וועט
איהם מאָרגען צום פרישטיק געבען צוויי קילאָ ברויט
און צוויי גלעזער מילך און אלס אַ צוגאב נאָך אַ האַל־
בען טוץ זעמעל (ראָלס) און אַ האַלבען טוץ באַנאַנעס,
צו וועט ער זיך שרעקען טאָמער וועט ער מיט דעם
נישט זאַט זיין קיין פיער שעה? דער קל וחומר וועט
איהם ווייזען, אַז אויב די קליינע סעודה איז גענוג גע־

ווען ער זאָל זאָגן זיין פיער שעה, וועט דאָך די גרויסע סעודה געווים גענוג זיין איהם זאָגט צו מאַכען פיער שעה. נאָך אַ ביישפּיל: ווען מען הייצט ווינטער דעם אויוועז און עס איז אין שטוב וואַרעם, איז פאַר יעדען איינעם פאַרשטענדליך, אַז ווען מיר וועלען הייצען דעם אויוועז זומער וועט דאָך אָהן צווייפעל זיין אין שטוב וואַרעם. דער קל וחומר איז אַ איינפאַכע זאַך וואָס יעדער איינער קאָן דאָס פאַרשטעהן. לויט דעם וואָס מיר האָבען דאָ דערמאָנט דאַרף מען די גמרא אין קידושין פאַרשטעהן.

**עהנליך צו דער קשיא** ווערט געפרעגט אין תוספות קידושין (דף ט׳) אויף דער גמרא דאָרט:

„אלא אמר רבא הלכתא נינהו היינו מה שבמכר המוכר נותן השטר ובקידושין הקונה נותן השטר". (נאָר רבא האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ דין וואָס ביים קויפען גיט דער פאַרקויפער דעם שטר (דאָקומענט) און ביי קידושין גיט דער קויפער (דאָס איז דער מאַן) דעם שטר). פרעגט תוספות, אויב עס איז ווי רבא זאָגט, אַז דאָס וואָס ביי קידושין גיט דער מאַן דעם שטר צו דער פרוי איז דאָס אַן „הלכה למשה מסיני" (ס׳איז אַ געזעץ פון באַרג סיני צו משה רבנו), טאָ וואָס לערנט די גמרא אָפּ פון פסוק „ויצאה והיתה", אז אזוי ווי „גט" איז מיט אַ שטר אזוי איז „קידושין" מיט אַ שטר. צו וואָס דאַרף מען דעם פסוק, מיר ווייסען דאָך שוין פון דער „הלכה למשה מסיני". זעהען מיר, כאָטש

הלכה למשה מסיני איז נישט אזוי שטאַרק, ס׳איז דאָ אַ מיינונג פון אנדערע פוסקים, אַז דאָס איז מער נישט ווי אַ דין פון רבנן, פון דעסטוועגען פרעגט תוספות, אַז ס׳איז שוין דאָ די הלכה למשה מסיני דאַרף מען שוין ניט קיין פסוק. היינט ווארשיינליך, וואו מיר האָבען אַ קל וחומר איז געווים דאַרף מען נישט קיין פסוק.

**צו ענטפערען** אויף דעם ווען מיר פריהער ער־קלערען די אייגענשאַפט פון דעם שכל און פון דעם קל וחומר און עס וועט אונז קלאָר ווערען, אַז אין ענינים פון שכל און קל וחומר נויטיגט מען זיך נאָך אין אַ פסוק אויך. דער שכל אַלס אנטשיידער: עס איז אַ געזעץ ביי דער מענשהייט, אַז ביי יעדער צווייפעל־האַפטע זאַך וואו עס זענען נישטאָ קיין קלאָרע און פעסטע באַווייזען, באַנוצט מען זיך מיט׳ן שכל, וועל־כער געפינט זיך אין דעם מאַרך פון מענשען, און דער שכל אנטשיידעט אין דעם ענין, וועלכער איז אונז צווייפעלהאַפט. דער שכל איז ביי אונז באַגלויבט ווי אַ עדות און אַ ריכטער. ווען מען דיספוטירט וועגען עפּעס אַן ענין און איינער וויל איבערשפּאַרען דעם אנ־דערען, טענה׳ט ער: צו וואָס דאַרף מען דיספוטירען, דער פשוט׳ער שכל איז דאָך מחייב ווי איך זאָג. אָבער אין דער אמת׳ן איז דער שכל אויך נישט אבסאלוט. אָפט מאָל זעהען מיר, אַז אויך דער שכל מאַכט נישט קלאָר און אויב איינער באַזיגט דעם צווייטען מיט אַ

שכל און אַ מאטיוו, קומט דער צווייטער אויך מיט אַ שכל און אַ מאטיוו און ווענדעט אָפּ דעם ערשטענס שכל פון אָנהויב ביז צום סוף. און ביידע שכל'ען זענען מאטעווירט מיט פאַרשטענדליכע ארגומענטען און ווע־רען אָפּגעווענדעט איינער פון צווייטען. צום ביישפּיל: ווען מען משפּט אַ מענשען, וועלכען מען פאַררעכענט אין אַ אונטערצינדונג, ווייל זיין הויז און פאַרמעגען זענען סעקיורט אויף אַ גאָר גרויסע סומע. די אסעקו־ראציע געזעלשאפט איילט זיך נישט אזוי גיך אויסצו־צאָהלען אזא גרויסע סומע געלט, און גיט אריין די זאַך אין געריכט. געוועהנליך צוטיילען זיך די ריכטער אין זייערע מיינונגען. ביי איין טייל פון די ריכטער איז קלאָר, אַז דער באַשולדיגטער איז גערעכט און דאַרף ווערען באַפרייט, און אזא וויכטיגער מענש דאַרף עסען יעדען טאָג אַ פעטע הון, אויך טרינקען גוטע וויין און זיין עלעגאנט געקליידעט, איהם מכבד זיין מיט אַלע שעהנסטע כבודים, מאַכען איהם פאַר'ן פיהרער פון דער געמיינדע און רופען איהם צו דער תורה צו די עשרות הדברות און צו חתן תורה, און דאָס גלייכען. פאַרשטעהט זיך, אַז די ריכטער רעכענען נישט אוים די אַלע זאַכען, נאָר מיר פאַרשטעהען זייער מיינונג, אַז דורך דעם וואָס ער וועט באַקומען די גרויסע סומע אויף וועלכע ער איז אסעקורירט, וועלען איהם די אַלע גוטע זאַכען געגעבען ווערען. זייער מיינונג ערקלע־רען זיי מיט שכל און מיט מאטיווען אין וועלכע מען קאָן גאָרנישט צווייפלען. דאָס איז לויט דער מיינונג

פון איין טייל ריכטער. און דער צווייטער טייל ריכ-
טער איז געגען דעם שכל פון די ריכטער, וועלכע באַ-
רעכטיגען איהם און מיט אַ איינפאַכען שכל ווייזען זיי
אויף, אַז דער באַשולדיגטער איז איינער פון די ערגס-
טע און נישט נאָר אין אונטערצינדען איז ער פאַר-
דעכטיגט, נאָר אויך אין מערדעריי, און נישט נאָר וואָס
מען דאַרף איהם נישט אויסצאָהלען די גרויסע סומע
געלט, און נישט איהם מכבד זיין מיט פעטע עליות,
נאָר מען דאַרף איהם פאַרשיקען אויף שווערע ארבייט
אויפ'ן גאַנצען לעבען, שליסען איהם אין אייזערנע קיי-
טען, געבען איהם עסען טרוקענעם ברויט און צו טרינ-
קען וואַסער מיט אַ באַגרעניצטע וואָג און מאָס. די
צוויי צדדים דיספוטירען ביידע מיט גראדע און איינ-
פאַכע שכל'ען, און ביי וועמען פון די ביידע איז דער
אמת, און אַוואו איז די קלאָרקייט פון דעם פשוט'ען
שכל, וועלכען מיר האַלטען פאַר אַן אנטשיידענער און
ערקלערער אין אלע צווייפעלהאַפטע ענינים?

## דער שכל און דער קל וחומר זענען נישט קיין ריכטיגע פעסטשטעלער

**דער אמת איז**, אַז די חכמים מיט זייער תירוץ
„מלתא דאתיא בקל וחומר טרח וכתב לה
קרא". (ביי אַ זאַך וועלכע מען קאָן עס אָפּלערנען פון

אַ קל וחומר האָט מען געשריבען אַ פסוק), באַלייכטען דעם גאַנצען ענין. די גמרא איז אויסען צו זאָגען מיט איהר תירוץ פאָלגענדעס: אז אויך דער קל וחומר איז נישט קיין איינפאַכע און פעסגעשטעלטע זאַך אין וועלכען מען קאָן נישט צווייפלען אין יעדען אָרט און אין יעדער צייט. נאָר צייטענווייז איז אויך דער קל וחומר נישט קיין פעסטגעשטעלטער אמת. און נאָך מעהר קאָן דער שכל פאַרפיהרען. אבוואהל, אויבער־פלעכליך שיינען די זאַכען צו זיין קלאָר. און אויף דעם האָבען שוין פון לאַנג אונזערע חכמים זכרונם לברכה, אונז געוואָרענט אין פרקי אבות: „אל בינתך אל תשען". (זאָלסט זיך נישט שטיצען אויפ'ן פאַרשטאַנד.) אפילו אויפ'ן פאַרשטאַנד, וועלכער איז פון די גרעסטע און וויכטיגסטע מעלות פון דעם מענש קאָן מען זיך אויך נישט שטיצען, ווייל אויך דער פאַרשטאַנד איז נישט קיין אבסאלוטעס און אויך דער פאַרשטאַנד בייט זיך. צום ביישפיל: די מדה פון קל וחומר וואָס מיר האָבען אויפגעוויזען, אַז זי איז אזוי איינפאַך צו פאַרשטעהן און צו אנטשיידען דורך איהר די מדה, וועלכע איז אזוי איינפאַך און קלאָר, אַז אפילו דער איינפאַכסטער מענש פאַרשטעהט איהר שכל. און דאָך, ווען מיר טראַכטען אריין אין דעם, זעהען מיר, אַז די פראַקטיקע ווייזט אונז, אַז צייטענווייז קאָן אונז דער קל וחומר אויך פאַרפיהרען און מען קאָן זיך אויף איהם נישט שטיצען. צום ביישפיל: אין אַ הערבסט נאַכט, דער הימעל איז באַדעקט מיט שווארצע וואָל־

קענם און מיר געפינען זיך אין אַ נישט באַלויכטענעם צימער און אויך קיין פענסטער זענען אין צימער ניטאָ. קיין איין שטראַל ליכט קומט נישט אריין אין צימער. אָבער אויב מיר צינדען אָן אַ קליין ליכטעל אין דעם דאָזיגען פינסטערען צימער איז דאָך געוויס, אַז די ליכטטיגקייט פאַרטרייבט די פינסטערניש און דער צימער ווערט באַלויכטען. לויט די געזעצען פון קל וחומר דאַרף זיין, אַז אין איינעם פון די זומערדיגע טעג, פאַר האַלבען טאָג, ווען די זון שיינט מיט איהר גאַנצער קראַפט און מיר געפינען זיך דאמאָלסט אין דרויסען, און אַז מיר וועלען דאמאָלסט אָנצינדען אַ ליכט דאַרף דאָך די ליכטיגקייט זיין זיבען מאָל גרע-סער. און דער קל וחומר איז דאָך אזוי מחייב: מה דאָך אין דער גרויסער פינסטערניש, וועלכע האָט גע-הערשט אין צימער אין דער נאַכט פינסטערניש איז אומשטאַנד געוועזן דאָס קליינע ליכטעל צו באַלויכטען דעם צימער, איז בעת די זון לייכט דאַרף דאָך דאָס קליינע ליכטעל צוגעבען נאָך אַ גרעסערע ליכטיגקייט. אָבער אין דער אמת'ן איז די זאַך נישט אזוי. דאָס ליכט גיט גאָרנישט צו קיין ליכטיגקייט. דער קל וחומר איז זיך טאַקע אַ קל וחומר אָבער די נאַטור ווערט פון דעם קל וחומר גאָרנישט געענדערט.

**זענען מיר**, אַלזאָ, געצווינגען צו זאָגען, אַז דער שכל און קל וחומר זענען נישט קיין פעסטגעשטעלטן באַווייזע. עס האָט צו זאָגען דער אָרט און די צייט און

נאָך פיל באַדינגונגען. דהיינו, דער ביישפּיל מיט דער ליכט, — אַז די פּראַקטיק ווידערשפּרעכט דעם שכל פון דעם קל וחומר! אָדער מיר דאַרפן קאָנען די נאַטור באַדינגונגען: וואָס איז אַזוינס ליכטיגקייט און וואָס איז אַזוינס פינסטערניש און זייער ווירקונג און דאַן וועלען מיר קענען לייכט פאַרשטעהן, אַז ביי־טאָג קאָן די ליכט נישט לייכטען אַזוי ווי אין דער פינסטער־ניש. מיט די דאָזיגע רייד מיינע וועט זיין פאַרשטענד־ליך די רייד פון דער גמרא (עירובין, דף י״ג): „תנא תלמיד ותיק היה ביבנה שהיה מטהר את השרץ בק״ן טעמים״. (אין יבנה איז געוועזן אַ פלייסיגער תלמיד, וועלכער האָט מטהר געווען (ערקלערט אלס ריין) אַ שרץ מיט הונדערט און פופציג מאַטיוועז). דאָרטען אין תוספות, ד״ה „שיודע״, ווערט געפרעגט: „מאי חריפות הוא לטהר את השרץ בק״ן טעמים שהתורה טמאתו בהדיא״. (וואָס פאַר אַ שאַרפזיניגקייט שטעקט דאָ אין דעם מטהר צו זיין אַ שרץ מיט הונדערט און פופציג מאַטיוועז, ווערענד די תורה האָט ער אויס־דריקליך ערקלערט אלס טמא). אין מסכת סנהדרין (דף י״ז) אין תוספות ד״ה „שיודע״ איז דער נוסח אַזוי: „וקשה לרבנו תם דמה לנו בחריפות של הבל לטהר שרץ שהתורה מטמאתו״. (דעם רבנו תם איז דאָס געוועזן שווער: וואָס טויג אונז די נאַרישע שאַרפזי־ניגקייט מטהר צו זיין אַ שרץ מיט הונדערט און פופ־ציג מאַטיוועז, וועלכען די תורה האָט ער ערקלערט אלס טמא). לויט מיין מיינונג וועלכען איך האָב

ארויסגעזאָגט אין ענין פון קל וחומר, קאָן מען פאַר־ענטפערען די קשיות פון תוספות, אַז דער תלמיד פון יבנה איז אויסען געווען מיט זיין שאַרפזיניגקייט צו וואָרנען, צו זיין פאָרזיכטיג, מיט דעם כלל פון דער משנה: „אל בינתך אַל תשען" (אויף דיין פאַרשטאַנד זאָלסטו זיך נישט פאַרלאָזען), ווייל אויך אַזאַ איינ־פאַכער שכל ווי קל וחומר איז, איז אויך נישט קיין פעסטגעשטעלטע זאַך. און דער תלמיד פון יבנה ברענגט אונז אַן איבערצייגענדעם באַוויז, אַז צייט־טענווייז קאָנען מיר האָבען הונדערט און פופציג מאַ־טיוועו מטהר צו זיין אַ שרץ און דאָך בלייבט ער טמא און דער קל וחומר איז אין גרונד אַ פאַלשער.

**עהנליך צו דעם** ווערט געבראַכט אין מסכת דרך ארץ רבה פרק ראשון. די פראַגע האָט גע־פרעגט רבי יוסי בן תודאי איש טבריא רבי גמליאל'ן: מה־דאָך מיין פרוי, וועלכע איז מיר ערלויבט, פונדעסט־וועגען איז איהר טאָכטער מיר פאַרבאָטען, הייגט אַ אשת־איש, וועלכע איז מיר פאַרבאָטען, דאַרף איהר טאָכטער געווים צו מיר זיין פאַרבאָטען? האָט רבי גמליאל איהם צוליעב דער פראַגע אריינגעלייגט אין חרם. די דאָזיגע גמרא ווייזט אונז אויך, אַז עס איז נישטאָ קיין פעסטשטעלונג ביים שכל. און דאָס זעלבע אויך ביים קל וחומר, אָבוואָהל ער איז אַזוי איינפאַך, דאָך קען מען זיך אָפטמאָל אויך אויף איהם נישט שטיצען. און דאָס וואָס מיר געפינען אין מסכת כתו־

בות, דף כ״ב און אין בבא קמא דף מ״ו: וואו די גמרא פרעגט דאָרט פאַלגענדעס: „למה לי קרא, הא סברא היא״, (צו וואָס דאַרף מען אַ פסוק, עס איז דאָך אַ שכל זאַך), ווייזט דאָך אוים פון די גמרות, אַז שכל איז ווי געשריבען אין דער תורה. אויך אין מסכת ברכות, דף ל״ג, געפינען מיר, אַז די חז״ל האָבען זעהר הויך אָפּ־געשאַצט די ווערדע פון דעת (שכל, פאַרשטאַנד), זאָ־גענדיג: „גדולה דעה שניתנה בין ב׳ אותיות, אל דעות ה׳״ (דעה, פאַרשטאַנד, איז גרויס, ווייל דאָס איז אַריינגעשטעלט געוואָרען צווישען די צוויי נע־מען, מיט וועלכע מען רופט ג־ט, אל דעות ה׳), אָבער וועגען דעם ווערט שוין באַמערקט אין תוספות, אין מסכת שבועות, דף כ״ב: אין תוספות „איבעית אימא״ ווערט דאָרטען געפרעגט: פאַרוואָס פרעגט די גמרא אין פיעל ערטער, צו וואָס דאַרף מען אַ פסוק, עס איז דאָך אַ סברא, און דאָס ווערט געזאָגט אין דער גמרא, אַז דו ווילסט איז דאָס אַ סברא, אַז דו ווילסט איז דאָס אַ פסוק? און עס ווערט פאַרענטפערט, אַז מען דאַרף דאָס פונאַנדערטיילען, ווייל עס זענען דאָ אַזעלכע פאַ־לען, וואָס די סברא איז נישט אַזוי איינפאַך. וואָס איז אַלזאָ דער רעזולטאַט פון אונזער אָפּהאַנדלונג? אַז נישט אַלע קל וחומר׳ם און אַלע שכל׳ען זענען גלייך. און דער כלל „אל בינתך אל תשען״ איז אַ גרויסער כלל. און דאָס וואָס די גמרא זאָגט אין קידושין, אַז „מלתא דאתיא בקל וחומר טרח וכתב לה קרא״ (אַז אַ זאַך, וועלכע מיר לערנען פון אַ קל וחומר טרח וכתב

לה קרא״ (אַז אַ זאַך וועלכע מיר לערנען פון אַ קל וחומר, האָט מען אויך געשריבען אַ פסוק) איז די גמרא אויך דאָס זעלבע דערמיט אויסען געווען, אַזוי ווי מיר האָבען ערקלערט.

## די חכמה איז אַ געשאַנק פון ג-ט פאַר׳ן מענשען איהם צו מאַכען פאַרשטענד־ליך, אָבער נישט אויף זיך צו באַנוצען מיט איהר שטענדיג

לויט דעם, וואָס מיר האָבען ערקלערט און פעסטגע־שטעלט, אַז דער שכל איז ניט אַבסאָלוט קיין פעסטגעשטעלטע זאַך, אבוואָהל ער איז אַ געשאַנק פון ג-ט. אָבער מען דאַרף וויסען די צייט און דעם אָרט, צי זיי זענען פּאַסענד צו באַנוצען זיך מיט׳ן שכל, און סברא, וועלכע זענען נאָך אונזער מיינונג קלאָר און געוויס, דען באמת איז צייטענווייז די צייט און דער אָרט גורם, אַז מען דאַרף זיך באַנוצען גאָר מיט אַן אַנדער סברא, פאַרקעהרט פון דער סברא, וועלכע מיר האָבען באַשלאָסען. דערמיט וועלען מיר פאַרשטעהן דאָס, וועלכעס עס ווערט געבראַכט אין מסכת ברכות, „מרגלא בפומיה דרבא: תכלית חכמה, תשובה ומעשים טובים, שלא יהא אדם קורא ושונה ובועט באביו

ובאמו וברבו ובמי שהוא גדול ממנו בחכמה ובמנין״.
(רבא איז געווען געוואוינט צו זאָגען, אַז דער צוועק
פון חכמה איז תשובה און מעשים טובים און נישט, אַז
דער מענש זאָל לערנען תנ״ך און משנה און זאָל נאָכ-
הער גרינגשעצען זיין פאָטער און מוטער און זיין לעה-
רער און אַלע די, וועלכע זענען גרעסער פון איהם סיי
אין חכמה און סיי אין יאָהרען). רבא׳ס רייד איז אין
פלוג שווער צו פאַרשטעהן. דאָס וואָס ער זאָגט
תכלית, חכמה, תשובה, צו דאָס איז א צוועק פאר דער
חכמה צו זינדיגען און דערנאָך תשובה צו טהאָן? איז
דאָך גלייכער, אַז ער זאָל אינגאַנצען נישט זינדיגען.
אָבער לויט אונזער געדאַנק, וואָס מיר האָבען געזאָגט,
קען מען זאָגען, אַז די כוונה פון רבא׳ן איז, אַז דער
מענש דאַרף צו וויסען, אַז די חכמה איז נישט קיין
פעסטגעשטעלטע זאַך, און צייטענווייז טרעפט, אַז נאָך
אונזער באַשלוס, וואָס מיר האָבען באַשלאָסען דורך
אונזער חכמה און פאַרשטאַנד, דאַרפען מיר תשובה
טהאָן, דאָס הייסט, זיך צוריקציהען פון אונזער באַ-
שלוס און נישט גרינגשעצען, צוליעב דעם באַשלוס
פון זיין שכל און חכמה, די טראַדיציע, פאָטער און
מוטער, און לעהרער, און גרעסערע פון איהם אין
חכמה און יאָהרען. נאָר דער מענש דאַרף זיך פיהר-
רען אַזוי: ווען ער זעהט, אַז לויט דעם באַשלוס פון
זיין חכמה וועט זיין אַ ווידערשפרוך צו דער טראַדי-
ציע, זאָל ער נישט זיין קיין עקשן מיט זיין חכמה ניט
צו ענדערען זיין באַשלוס, נאָר דער צוועק פון דער

חכמה איז: תשובה, צייטענווייז דאַרף ער זיך צו־ריקציהען פון זיין חכמה און מודה זיין אויפ׳ן אמת.

**לויט דער ערקלערונג** פון דעם דאָזיגען מאמר, איז אונז פאַרשטענדליך די רייד פון רבא ביים סוף פון זיין מאמר, וועלכער זאָגט: „שלא יהא אדם קורא ושונה ובועט". וואָס אין פלוג איז נישט צו פאַרשטעהן דעם צוזאַמענהאַנג מיט׳ן אָנפאַנג פון זיין מאמר. אָבער לויט אונזער ערקלערונג איז דאָס פאַר־שטענדליך. אויב ער זעהט, אַז זיין חכמה שטימט נישט מיט דעם אָנגענומענעם אמת, דאַרף ער זיך גלייך צוריקציהען פון זיין באַשלוס. דאָס הייסט, ער זאָל נישט לערנען, אַז דורך זיין לערנען זאָל ער דערנאָך גריינגשעצען דאָס אַלץ, וואָס ער דערמאָנט אין זיין מאמר, נאָר צו וויסען, אַז דער צוועק פון דער חכמה — איז תשובה, זיך צוריקקערען, אַז אויב מען דאַרף זיך אַמאָל צוריקציהען, זאָל ער זיך נישט איינעקשנ׳ען, נאָר זאָל זיך צוריקציהען. און דאָס וואָס ביי רבא׳ן איז געווען אַ געוואוינהייט צו זאָגען, איז אויך אין זיין פּראַקטישען לעבען האָט ער זיך אַזוי געפיהרט. אַזוי ווי מיר געפינען אין מסכת כתובות, דף י"א, ביי דעם ענין „הכיר ולא הכיר בה", וואָס דאָרט האָט רבא אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, און דערנאָך געפינט זיך דאָרט, אַז רבא האָט זיך פון דעם צוריקגעצויגען.

**די ערקלערונג** האָב איך געזאָגט אין דער גמרא הוריות, דף י׳, אין דער דרשה פון דער

גמרא אויפ׳ן פסוק: „אשר נשיא יחטא״ (ווען דער הויפט פון פאָלק באַגעהט אַ פאַרברעך), „אשרי הדור שהנשיא שלו מביא קרבן על שגגתו״ (גליקליך איז דער דור, וואָס זיין פרעזידענט ברענגט אַ קרבן אויף זיינע פאַרזעהונגען). זייער כונה איז דערמיט געווען צו זאָגען, אַז אויך דער גרויסער מענש, דער פיהרער פון פאָלק, זאָל נישט געוואוינט זיין זיך צו פיהרען, אַז אַלץ, וואָס געהט נאָר אַרוים פון זיין מויל, מוז באַשלאָסען ווערען און אָנגענומען ווערען, אָהן קיינע געגנערשאַפט, נאָר זיין אויפפיהרונג זאָל זיין, אַז עס זאָל ביי איהם אויך קענען טרעפען, אַז ער זאָל ברענגען אַ קרבן אויף זיינעם אַ פעהלער. אַז אויב ער האָט זיך טועה געווען אין זיין שכל, זאָל ער נישט בלייבען ביי זיין פריהערדיגער מיינונג, זאָגענדיג: אַז אויב ער האָט איינמאָל באַשלאָסען, איז שוין נישט מעגליך צו ענדערען און אַזוי מוז עס שוין בלייבען, נאָר ער זאָל ברענגען אַ קרבן חטאת אויף זיין טעות און זאָל מודה זיין, דאָס ער האָט זיך טועה געווען אין באַשלום פון זיין חכמה. די חכמים האָבען אויך גע׳דרשנ׳ט אין מסכת גיטין, דף מ״ג, אויפ׳ן פסוק: „והמכשלה הזאת תחת ידך״ — (און די דאָזיגע שטרויכלונג אונטער דיין האנד) — דאָס מיינט צו זאָגען, אַז „אין אדם עומד על דברי תורה אלא אם כן נכשל בהם״. (אַ מענש קען נישט ריכטיג פאַרשטעהן די רייד פון דער תורה, סיידען ער איז שוין איינמאָל דורכגעפאַלען אין אַ טעות). און מען דאַרף זיך נישט שעמען דערמיט, דען יעדער

שכל און סברא איז פאַרשידענאַרטיג און פיעלזייטיג איז נישט קיין אַבסאָלוטער. און גליקליך איז דער דור, וועלכער האָט אַזעלכע פיהרער, וועלכע באַזי־צען די מידה צו ברענגען אַ קרבן חטאת אויף זייערע פעהלערען, וואָס זיי האָבען געמאַכט און מודה צו זיין אויפ׳ן אמת.

דער סך־הכל פון אונזערע אויספיהרונגען איז: אַז דער מענש דאַרף צו וויסען, אַז אַבוואָהל די חכמה איז ג־ט׳ס אַ געשאַנק, דאָך קען דער מענש צייטענווייז אַ טעות האָבען, ווייל ער איז נישט מעהר ווי אַ מענש. מיר דאַרפען שטענדיג געהן אין דער אויסגעטראָטענער וועג. דאָס איז די וועג פון דער תורה, וועלכע איז אונז געגעבען געוואָרען פון ג־ט דורך משה רבינו עליו השלום, און נישט אָפּצונויגען פון איהר נישט רעכטס און נישט לינקס. און דאָס האָבען די חכמים געלערענט פון דער תורה, דערמיט וואָס די תורה האָט געשריבען אַ פסוק אפילו ביי אַזאַ ענין, וואָס מען קען דאָס לערנען פון אַ קל וחומר, כדי צו ווייזען אונז, אַז צייטענווייז קען מען זיך נישט שטי־צען אפילו אויף דעם איינפאַכסטען שכל, דהיינו: ווי דער קל וחומר איז. מיט דעם געדאַנק קענען מיר פאַרשטעהן די טובה און דעם חסד וואָס ג־ט האָט אונז געטהאָן מיט דעם, וואָס ער האָט אונז געגעבען די תורה. ווייל דער שכל פון דעם מענש איז נישט אַב־סאָלוט, און ווען נישט די תורה, וואָלטען מיר געדאַרפט

לערנען די תורה פון די דאָזיגע לעהרער, ווי פון דעם האָן און פון דער גמלה און נאָך אַזעלכע. אַבוואָהל עס איז דאָ זעהר פיעל צו לערנען פון זיי, אָבער צוליב'ן טעות פון שכל, וואָס ביים מענשען קען פאַרקומען, איז פאַרגעזעהן אַ געפאַהר, אַז דער מענש וועט זיך טועה זיין און פאַרבייטען די לעהרער און די לימודים. צום ביישפיעל, אַנשטאָט צו לערנען דרך ארץ פון האָן, גזל פון דער נמלה, און צניעות פון דער קאַץ, און עריות פון דער טויב, — וועט ער זיך טועה זיין און וועט לערנען דרך ארץ פון דער נמלה, גזל פון דער קאַץ און צניעות פון דעם האָן, און נאָך אַזעלכע ענדערונגען און פאַרבייטונגען, ווייל דער שכל קען אַמאָל אַ טעות האָבען, און די באַגריפען קענען פאַרביטען ווערען. דעריבער צוליעב דער ליעבשאַפט פון ג-ט צו אונז, האָט ער אונז געגעבען די תורה, וועלכע ווערט נישט פאַרביטען. זי איז געגעבען אויף אייביגע אייביג־קייטען, וועלכע איז פאַסענד פאַר יעדען אָרט און פאַר יעדער צייט, און מיר דאַרפען זיך נישט באַמיהען צו זוכען תורה ביי די בעלי חיים.

## אויב עס איז נישטאָ קיין תורה איז נישטאָ קיין מדות

**נישט נאָר** די דינים און משפטים, נאָר אויך יעדע מידה, וועלכע איז נישט געבויט אויף די

פונדאַמענטען פון דער תורה, איז די מידה נישט קיין אַבסאָלוטע און מען קען זיך אויף איהר נישט שטי־צען. דער רע״ב אין זיין פירוש (ערקלערונג) צו די פרקי אבות אין ערשטען פרק גיט אונז אַ מאָטיוו, פאַר־וואָס איז דער אָנפאַנג פון דער דאָזיגען מסכת אַנדערש פון אַלע מסכתות פון משניות און זייער אָנפאַנג. די דאָזיגע מסכת הויבט זיך אָן מיט דעם נוסח: „משה קבל תורה מסיני״ (משה האָט באַקומען די תורה פון סיני). אַלע מסכתות זענען דאָך אויך געגעבען געוואָ־רען מסיני? דער רע״ב מאָטיווירט, אַז די כונה מיט דער הקדמה צו דער דאָזיגער מסכת איז, אַז מען זאָל קיין טעות נישט האָבען, אַז די גוטע מידות האָבען נישט קיין גרונד און קוועלע אין אונזער תורה, אַזוי ווי מיר הערען מאַנכעס מאָל פון פראָסטע מענשען, וועלכע באַציהען זיך מיט גרינגשעצונג צו דער תורה, וועלכע איז אונז איבערגעגעבען געוואָרען. זיי האָבען אַ געוואוינהייט צו זאָגען, וואָס האָבען מיר פון דער תורה. די הויפּט־זאַך איז אַ גוטע הארץ. דעריבער האָבען די חז״ל אָנגעהויבען די מסכת פון מידות מיט דעם לשון: „משה קבל תורה מסיני״, משה האָט באַ־קומען די תורה פון באַרג סיני, כדי דערמיט צו זאָגען, אַז אויך די מידות איז די קוועלע פון סיני, און אַז יעדע מידה, וועלכע פליסט נישט אַרויס פון דעם תורה־קוואַל, נאָר וואָס מענשען האָבען זיי אָנגענומען אויסער דער תורה, קען מען זיך אויף איהר נישט שטיצען, און מען דאַרף וויסען, אַז אַזעלכע מידות זענען אין גרונד

גענומען פאַלש און מען קען נישט האָבען קיין שום צוטרוי אין זייער עהרליכקייט.

**עס איז באַוואוסט** דער שפּריכוואָרט, אַז דאָס וואָס אברהם אבינו האָט געזאָגט: „רק אין יראת אלקים במקום הזה והרגוני עד דבר אשתי" (נאָר עס איז קיין גאָטספאָרכטיגקייט נישטאָ אויף דעם אָרט, און מען וועט מיך הרג'ענען צוליעב מיין פרוי), האָט ער דערמיט געמיינט: אָבוואָהל מען היט אויף דעם אָרט די געזעצען און מידות, נאָר וויבאַלד עס איז נישטאָ קיין מורא פאַר ג-ט, וועט מען מיך הרג'ענען צוליעב מיין פרוי. אָט-די בעלי המידות קענען ערמאָרדען אַן אומשולדיגען מענשען, ריין פון יעדער זינד צוליעב זיין ווייב. די תאוה שטעהט ביי זיי אויף אַ העכערער שטופּע פון זייערע מידות. די פּראַקטיק האָט אונז שוין געוויזען, אַז פיעל מענשען, וועלכע האַלטען זיך פאַר אינטעליגענטען, מיט גוטע מידות, אָהן תורה פון ג-ט, האָבען זיך ענדליך אַרויסגעוויזען, צו זייער שאַנדע, אַז אפילו די מידות, וועלכע זענען געשריבען אין די עשרת הדברות, האָבען זיי נישט ערפיהלט. דעריבער האָבען די חז"ל געזאָגט, אַז דער ערשטער פונדאַמענט פון די מידות — איז צו וויסען, אַז אויך די מידות זענען געגעבען געוואָרען אויף דעם באַרג סיני. די תורה איז דער קוואַל, פון וואַנען די מידות פליסען אַרויס. די אַלע שכל'ען און העפליכקייטען, וועלכע זענען נישט געבויט אויף די פונדאַמענטען פון דער תורה, זענען

גאָרנישט ווערט. נישט מען דאַרף גלויבען אין זיי און נישט מען קען זיך שטיצען אויף זיי. ווייל די דאָזיגע מידות זענען אָפּהענגיג פון אָרט און צייט. די דאָזיגע מידות בייטען אַלע מאָל זייער פיזיאָנאָמיע, און זיי געהערען צו דעם מין מנהגים. דעריבער אויב דער דור נעמט־אָן אַן אַנדער מנהג, געהט נאָך די מידה נאָך דער נייער מאָדע, און מאַנכעס מאָל פיהרען זיך די מענשען פון איין לאַנד מיט די מנהגים פון רויב און גע־וואַלד־טהאַט, אַזוי ווי מיר זעהען מיט אונזערע אויגען אין דער צייט, וועלכע מיר לעבען היינט, וואו אין אַנ־דערע ערטער איז דאָס פּריוואַט־אייגענטהום הפקר, און לויט דעם מנהג פון דעם דאָזיגען לאַנד איז דער רויבער פון נעכטען דער בעל מדות פון אונזער געגענ־ווערטיגער צייט. אָבער אויב די מידה איז געבויט אויף די פונדאַמענטען פון דער תורה, וועלען איהר קיין שום נייע מנהגים און געזעצען נישט אונטערברעכ־נען. למשל, די תורה האָט געזאָגט: „לא תגנב — זאָלסט נישט גנב'ענען, לא תרצח — זאָלסט נישט מאָרדען". דער אָנזאָג איז פאַר יעדער צייט און פאַר יעדען אָרט, און קיין שום מנהג און געזעץ, קענען נישט ערלויבען צוצורויבען דעם פאַרמעגען פון אַן אַנדער מענש. דער בעל מידות, וואָס זיינע מידות זע־נען גענומען פון דער תורה, איז דער ריכטיגער בעל מידות. דער ריב"ש איז זיינע תשובות, סימן מ"ח, ברענגט אין נאָמען פון רב האי גאון זכרונו לברכה: „תמצא יראת שמים ויראת חטא זריזות וענוה טהרה

וקדושה אלא בעוסקים במשנה ובתלמוד" — ג־טס־פאַרכטיגקייט, מורא פאַר זינד, פליים, ענוה, ריינקייט און הייליגקייט קען מען געפינען נאָר ביי די, וועלכע באַשעפטיגען זיך מיט משנה און גמרא.

**דער שלום** פון אונזערע רייד איז: אַז די משפטים, געזעצען און מידות, וועלכע זענען גענומען פון דער געטליכער תורה, בייטען זיך נישט, נאָר עקזיסטירען אייביג, אָבער די מענשליכע שכל'ען און מידות, וועלכע זענען נישט גענומען געוואָרען פונ'ם תורה־קוואַל, זענען אָפּהענגיג פון אָרט און צייט, און די דאָזיגע שכל'ען און מידות זענען אויך פּאַסענד זיך צו באַנוצען מיט זיי אפילו צוליעב רויב־צוועקען, ווייל זיי האָבען נישט קיין ריכטיגען פונדאַמענט. זאָל זיין וואָס פאַר אַ שכל עס איז און אויך וועלכע מידה עס איז, אויב נאָר זיי זענען נישט באַגרינדעט אויף דער תורה, הערען מיר זיי נישט, ווייל די משפטים, געזעצען און מדות זענען אַלע געגעבען געוואָרען מסיני. דער דין, דער אמת און דער שלום זענען העכער פונ'ם שכל.

**מיט אונזער געדאַנק** וועט פאַרשטענדליך זיין דאָס וואָלכעס ווערט געבראַכט אין מסכת שבת, דף קל"ט, „ואמר רבי מלאי, בשכר וראך ושמח בלבו זכה לחושן משפט על הלב" (ר' מלאי האָט געזאָגט: צוליעב דער גוטער מידה, וואָס אהרן האָט זיך דערפרעהט מיט משה'ן, האָט אהרן זוכה געווען צו טראַ־

גען דעם חושן משפט אויף זיין הארץ). אומעטום איז די באַצאָהלונג פאַר אַ מצוה, אָדער אַ גוטער מידה, וועלכע ווערט געטהאָן, איז לויט דער מצוה אָדער דער מידה. אַזוי ווי מיר געפינען פיעל מאָל אין דער גמרא, די באַצאָהלונג פאַר אַ מצוה, איז לויט דער מצוה, עהנליך צו איהר, אויף דעם אופן פון מדה כנגד מדה.

**אין מסכת ב״מ,** דף פ״ו, ווערט געבראַכט: און אַזוי איז געלערענט געוואָרען אין דער ישיבה פון רבי ישמעאל׳ן: בשכר פון דריי זאַכען האָבען זיי זוכה געווען צו דריי זאַכען. פאַר׳ן שכר פון פוטער און מילך, וועלכעס אברהם האָט געגעבען די מלאכים, האָבען זיי זוכה געווען צום מן. פאַר דעם שכר, וואָס אברהם אבינו איז געשטאַנען צו באַדינען די מלאכים, האָבען זיינע קינדער זוכה געווען צום עמוד הענן, דעם וואָלקען-זייל, וועלכער איז געגאַנגען פאַר זיי אין דער מדבר. פאַר דעם שכר, וואָס אברהם האָט געזאָגט, עס זאָל גענומען ווערען אַ ביסעל וואַסער פאַר די מלאכים, האָבען זיי זוכה געווען לבארה של מרים, צו מרים׳ס ברונעם, וועלכער איז מיט די אידען מיט-געגאַנגען אין דער מדבר. אַלץ, וואָס זיי האָבען זוכה געווען, איז געווען עהנליך צו די גוטע מידות פון אברהם אבינו עליו השלום. אויך אין מסכת סוטה, דף ט׳, דאָרט אין דער משנה ווערט געבראַכט: פיעל, וועלכע מען האָט זיי באַצאָהלט פאַר זייערע מעשים, סיי צום גוטען און סיי צום שלעכטען, איז די באַצאָה-

לונג געווען עהנליך צו די מעשים וואָס זיי האָבען געַ־טהאָן. צווישען אַנדערע רעכענט ער דאָרט אויך: „שמשון הלך אחרי עיניו, לפיכך נקרו הפלשתים את עיניו. אבשלום נתגאה בשערו, לפיכך נתלה בשערו". (שמשון, וועלכער איז געגאַנגען נאָך זיינע אויגען, האָ־בען די פלשתים אויסגעשטאָכען זיינע אויגען. אבשלום, וועלכער האָט שטאָלצירט מיט זיינע האָר, איז ער דעריבער אויפגעהאַנגען געוואָרען אויף זיינע האָר). און אַזוי רעכענט ער דאָרט נאָך פיעל, וועלכע האָבען געטהאָן גוטעס, און עס איז זיי באַצאָהלט געוואָרען עהנליך צו זייערע גוטע מעשים. מרים האָט געוואַרט אויף משה'ן איין שעה, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער תורה: „ותתצב אחותו מרחוק", זיין שוועסטער האָט זיך געשטעלט פון דער ווייטען, דעריבער האָבען זיך די אידען פאַרהאַלטען צוליעב איהר זיעבען טעג אין דער מדבר. יוסף האָט זיך באַשעפטיגט מיט דער קבורה פון זיין פאָטער, דערפאַר האָט ער זוכה געווען, אַז משה רבנו זאָל זיך באַשעפטיגען מיט זיין קבורה, ווי עס ווערט געזאָגט: „ויקח משה את עצמות יוסף עמו". און משה האָט מיטגענומען יוסף'ס ביינער מיט זיך, און דערפאַר האָט משה זוכה געווען, אַז ג־ט האָט זיך פאַרנומען מיט זיין קבורה, ווי עס ווערט געזאָגט, „ויקבר אותו בגיא", און ער האָט איהם באַגראָבען אין טאָהל. זעהען מיר, אַז יעדע באַצאָהלונג פאַר אַ מצוה, אָדער אַ מידה, איז געווען עהנליך צו דער מצוה, אָדער צו דער מידה.

מען דאַרף פאַרשטעהן, וואָס איז די באַלאָהנונג פון חושן משפט פאַר „שמחת הלב״? און מען קען נישט זאָגען, אַז צוליעב דעם וואָס בייביידע ווערט באַנוצט די האַרץ, ווייל די געהעריגקייט פון די ביידע איינע צו דער אַנדערער — דאָס איז נישט קיין ערקלערונג. דאָס איז דאָך נאָר גלייך אין קערפּערליכען זין, אָבער ניט אין גייסטיגען זין. נאָר לויט מיין גע־דאַנק וועגען דער פעסטשטעלונג פון דעם שכל, קען מען דאָס פאַרשטעהן. ווייל לויט דעם פּשוט׳ן שכל האָט געדאַרפט זיין דער אויסלייזער און באַפרייער פון די אידען פון מצרים אהרן הכהן, וועלכער איז מיט זיינע אייגעטשאַפטען מעהר צוגעפּאַסט צו געהן און צו רעדען צו פּרעה׳ן און צו די אידען, ווי משה רבנו. ווייל אהרן הכהן, וועלכער איז געווען פון זיין נאַטור אויסגעצייכענט מיט דער מידה „אוהב שלום ורודף שלום״ (האָט ליעב געהאַט דעם שלום און האָט גע־זוכט דעם שלום), איז געווים געווען דער מעורב עם הבריות, צוזאַמענגעלעבט מיט יעדערען, דען אָהן דער מדה איז שווער צו זיין אַ רודף שלום. אויך די מידה מאַכט דעם מענשען צו זיין באַליעבט ביי אַלעמען. און אַז אהרן הכהן זאָל זיין דער געהער און דער רעדנער צו די אידען, איז ניט געווען קיין צווייפעל, מען זאָל זיך שרעקען, אַז די אידען זאָלען איהם נישט הערען. אויך האָט ער זיך נישט געדאַרפט שרעקען, אַז טאָמער וועט איהם פּרעה נישט וועלען הערען, ווייל אהרן איז ניט געווען קיין כבד פה און כבד לשון (שטאַמלער), ווי

משה רבנו עליו השלום. לויט דעם דרש פון חז״ל, אז משה׳ס טענה איז געווען „כבד פה וכבד לשון אנכי״, (איך בין אַ שטאַמלער). ער האָט זיך קינדווייז אָפּגע־בריהט מיט אַ ברענענדיגער קויל די ליפּען, אָדער ווי די איינפאַכע ערקלעהרונג פון רשב״ם, אַז משה מיט זיינע טענה „כבד פה וכבד לשון אנכי״, האָט ער גע־מיינט צו זאָגען, אַז די מצרישע שפּראַך איז איהם פרעמד און איז נישט פליסענד ביי איהם אין מויל, צו־ליעב זיין אָפּוועזענהייט פון מצרים אַ לאַנגע צייט. אָבער אהרן, וועלכער האָט דעם פעהלער נישט געהאַט. ווייל ער איז נישט ארויסגעגאַנגען קיינמאָל פון מצרים — ער האָט געווים געקענט די לאַנד־שפּראַך און די מנהגים פון דעם לאַנד און האָט אויך געווים געהאַט פיעל באַקאַנטע דאָרט, וואָס דורך זיי וואָלט מען גע־קענט ווירקען אין קעניגליכען הויף, כדי צו דערגריי־כען צו ציעל, צו דער באַפרייאונג פון די אידען, אָבער אהרן הכהן האָט זיך נישט באַנוצט מיט דעם פּשוט׳ן שכל. נאָר זיין מיינונג איז געווען, אַז פיעל מאָל איז דער שכל נישט פעסטגעשטעלט אום צו זיין דער ריכ־טיגער וועג־ווייזער, און אז עס איז דאָ אזעלכעס, וואָס איז העכער פון שכל. דעריבער האָט ער זיך געפרעהט אין האַרצען, ווען ער האָט געזעהן משה רבנו׳ן אַלס דעם באַפרייער פון פאָלק, און זיך נישט גערעכענט מיט דעם פּשוט׳ן שכל. דעריבער האָט ער זוכה געווען צום חושן המשפט אויף זיין האַרץ, ווייל דער גייסטיגער כח וועלכען אהרן האָט אין זיך געהאַט, וועט אַ סאַך העל־

פען צו משפט'ן דעם פאָלק אַנ'אמת'ן, אַ גערעכטען משפט. און דער שכל וועט איהם נישט אַראָפּפיהרען פון אמת און דער טראַדיציע. און דעריבער האָט ער זוכה געווען צום חושן המשפט אויף זיין האַרץ.

**דאס בעטאנט** משה רבנו אין סדרה וזאת הברכה, מיט זיינע ווערטער „יורו משפטיך ליעקב ותורתך לישראל". זיי לערנען דיינע משפטים צו יעקב'ן און דיין תורה צו די אידען, משה רבנו זאָגט נישט די ווערטער, זיי לערנען משפט און תורה, נור ער זאָגט אויסדריקליך: דיינע משפטים דיין תורה, דאָס מיינט צו זאָגען, דאָס זיי וועלען איבערהויפּט אַריינקלערען צו דער משפט און די לערענונג שטימט מיט דעם משפט ותורת ה'.

# דער קערפּער און דער גייסט

## דער געדאַנק פון משכן און בית המקדש

**אין סדרה תרומה** איז געשריבען, דאָס ג-ט האָט געזאָגט צו משה'ן: „דבר אל בני ישראל ויקחו לי תרומה מאת כל איש אשר ידבנו לבו תקחו את תרומתי" (רעד צו די אידען, זיי זאָלען צונויפנעהמען פון מיינעטוועגען אַ געשאַנק פון יעדען מענש, וואָס זיין האַרץ וועט באַוויליגען צו געבען, זאָלט איהר פון איהם נעהמען מיין תרומה), „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" (און זאָלען מיר מאַכען אַ טעמפּעל, איך זאָל וואוינען צווישען זיי). דער ענין פון משכן און מקדש (טעמפּעל), וואָס ג-ט האָט פאַרלאַנגט פון די אידען, אַז זיי זאָלען שענקען נדבות אויף דעם, איז אונז זעהר וואונדערליך. אַז ג-ט, דער באַשעפער פון הימעל און ערד און פון אַלע אויבערשטע און אונטערשטע וועלטען, וואָס לויט דעם פּיטן (פּאָעט) אין שיר היחוד פון זעקסטען טאָג איז: „כל הארצות לא יכילוך ואף השמים לא יכלכלוך" — (אַלע לענדער קענען דיך נישט אַריינגעהמען אין זיך, אויך די הימלען זענען צו-קליין דיך צו קענען האַלטען אין זיך), אַזאַ ג-ט זאָל זיך נויטיגען

אין אַ וואוינונג אויף דער ערד? „אינו גוף ולא ישיגוהו משיגי הגוף" — (ער איז נישט קיין קערפּער און די קערפּערליכע קענען איהם נישט באַגרייפען). אין שיר היחוד פון דעם פינפטען טאָג, זאָגען מיר: "וכל שרעפים וכל הרהורים נלאים לשום בו שעורים מלשערהו ומלהגבילהו ומלתארהו ומלפרסמהו" (אַלע געדאַנקען און אַלע טראַכטונגען זענען נישט אימשטאַנד אָפּצו־שאַצען און איהם צו באַגרעניצען, צו שילדערען און איהם באַקאַנט צו מאַכען).

**מען דערצעהלט**, אַז איינמאָל זענען עטליכע מענ־שען געזעסען אין אַ געזעלשאַפטס־קרייז און יעדער איינער האָט זיך געוואונשען רייך צו ווערען. איינער האָט זיך געוואונשען, אַז ג־ט זאָל איהם געבען אַזאַ סומע געלד, ווי עס פאַרמאָגט דער רייכסטער פון פוילען. דער צווייטער האָט זיך געוואונשען דעם פאַר־מעגען פון דעם רייכסטען פון די פאַראייניגטע שטאַ־טען, און דער דריטער האָט זיך געוואונשען, ג־ט זאָל מיר געבען אַזאַ סומע געלד, וויפיעל מיר אַלע וואָל־טען זיך געקענט ווינשען. דער דריטען האָט זיך אויס־געמאָלט אין זיין מח זעהר אַן'איבערטריבענע סומע, ווייל ווינשען קען מען זיך אָהן אַ שיעור, אפילו טויזענט מאָל טויזענט מיליאָנען, ביליאָנען און טריליאָנען. די סומע איז באמת אומגעהויער גרויס, אָבער דער מענש קען זיך אויסמאָלען אין זיין פאַנטאַזיע די גרעסטע סו־מעס, ווייל די דאָזיגע גרויסע סומען זענען אַ מאַטערי־

עלער ענין, וועלכע מיר קענען זיי באַגרייפען. אָבער אויסצומאָלען זיך אין געדאַנקען דעם רבונו של עולם זאָגט דער פיטן, אַז אַלע געדאַנקען זענען נישט אים־שטאַנד אָפּצושאַצען און צו באַגרעניצען, נישט נאָר וואָס מיר קענען איהם נישט אָפּמעסטען, נאָר אפילו מיט אַ השערה קענען מיר איהם נישט משער זיין אָפּ־צושאַצען. איז אויב אַזוי ווי שיקט זיך עס צו זאָגען, אַז דער אויבערשטער זאָל פאַרלאַנגען פון די אידען, אַז זיי זאָלען איהם בויען אַ טעמפּעל צו וואוינען אין איהם? באמת, באַמערקט דאָס דער נביא ישעיהו (פרק ס׳) אין די רייד פון זיין נבואה: „כה אמר ד׳, השמים כסאי והארץ הדום רגלי, אי זה בית אשר תבנו לי ואי זה מקום מנוחתי״. (אַזוי האָט ג־ט געזאָגט, דער הימעל איז מיין שטול, און די ערד איז מיין פוס־בענ־קעלע, וועלכע הויז קענט איהר מיר בויען און וואו קען דאָס זיין מיין רוהע־אָרט?)

## די קוואַנטיטעט און די קוואַליטעט

**עס איז באַוואוסט**, אַז אין יעדע זאַך און ענין גע־פינט זיך כמות און איכות. די כמות איז דאָס מאַטעריעלישעס פון דער זאַך, גיט אַן ענטפער אויף דער קוואַנטיטעט פון דער זאַך, וויפיעל איז זיין צאָהל, זיין גרויס און דאָס גלייכען. דאָס איז אַלץ פון

די זאַכען, וועלכע מען קען דאָס באַגרייפען מיט'ן חוש המישוש. און די איכות — דאָס איז גייסטיגקייט פון דער זאַך, און גיט אַן ענטפער אויף דער קוואַליטעט פון דער זאַך, וואָס איז די ווערדע און די אָפּשאַצונג פון דער זאַך, צוםביישפּיל, וואָס איז די ווערדע און די אָפּשאַצונג פון דער זאַך. דערצו דאַרף מען האָבען וויסען און פאַרשטענדעניש. צום ביישפּיל, לאָמיר זיך פאָר־שטעלען א באוואוסטען געגענשטאַנד, א טיש. דער צוועק פון איהם איז דאָס, וואָס ער שטעהט אויף פיער פיס און מען באַנוצט זיך מיט איהם צום עסען, צום שרייבען און דאָס גלייכען. דאָס איז די איכות, די קוואַ־ליטעט פון דעם טיש, זיין גייסטליכעס. די קוואַנטיטעט פון טיש זעהט זיך ארוים בולט פאר'ן אויג, אלע זעהען עס, טאַפּען אָן די האַלץ. יעדער געוויינליכער מענטש זעהט די קוואַנטיטעט פון טיש. אָבער צום איכות, קוואַליטעט, דאַרף מען האָבען קענטעניש און וואָס מעהר די איכות איז דינער, איידעלער, העכער און ערהאַבענער, — אַלץ מעהר פאַרשטאַנד און שכל פאַדערט עס. צום ביישפּיעל, לאָמיר נעהמען אַ בוך. די קוואַנטיטעט פון בוך איז דאָס פּאַפּיר. יעדע האַנד קען טאַפּען דאָס פּאַפּיר פון דעם בוך. און די קוואַליטעט פון דעם בוך זענען די בוכשטאַבען אין איהם. אָנצוטאַ־פּען זיי קען מען ניט, נאָר בלויז זעהן זיי. און נאָך איז דאָ אין בוך אַ מין איכות, וואָס דאָס איז גאָר דער עיקר, הויפּט־זאַך. דאָס איז דער רעיון, דער געדאַנק פון די בוכשטאַבען און די איכות איז אפילו צו זעהן

נישט מעגליך, ווייל דער געדאַנק איז פון די גייסטליכע זאַכען, וואָס דאָס איז נאָר איבערגעגעבען דעם געפיהל און שכל פון דעם מענש עס צו פאַרשטעהן. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס אָנטאַפּען און דאָס זעהען זענען נישט אַזוי שווער, ווי דאָס פאַרשטעהן און באַגרייפען דעם געדאַנק וואָס אין בוך איז געשריבען. אַזוי איז אויך דאָס זעלבע מיט'ן ענין פון די מצוות התורה. אין יעדער מצוה איז אויך דאָ כמות און איכות, דאָס הייסט, דאָס מאַטערי־עלישעס און דאָס גייסטליכעס פון דער מצוה. צום בייי־שפּיעל: די מצוה פון עסען מצה. די כמות פון דער מצוה איז דער קוכען, וואָס מען עסט, און די איכות איז דער געדאַנק וואָס אין איהם איז, דאָס וואָס דאָס עסען די מצה דערמאָנט אונז דעם נס פון יציאת מצרים. און אויך אַזוי די מצוה פון אָפּהיטען שבת: די כמות פון דער מצוה איז דאָס רוהען, וואָס מען אַרבייט ניט. און די איכות איז, וואָס דערמיט זאָגען מיר עדות „כי ששת ימים עשה ה' את השמים ואת הארץ" (אַז אין זעקס טעג האָט ג־ט באַשאַפען דעם הימעל און די ערד). און דאָס זעלבע איז אויך מיט דער מצוה פון ציצית. די כמות פון דער מצוה איז — דער בגד און די פעדים, און די איכות — איז דער געדאַנק, וואָס ליגט אין דעם „וראיתם אותו וזכרתם את כל מצות ה'" (און איהר זאָלט עס זעהן און זיך דערמאָנען אין אַלע מצוות פון ג־ט). און אַזוי איז אויך מיט דער מצוה פון קרבנות. די כמות פון דער מצוה איז די מחשבה, וואָס דער בעל הקרבן טראַכט און איז מכון ביים ברענגען

דעם קרבן און דער ודוי, וואָס ער איז זיך מתודה ביים ברענגען דעם קרבן.

**עס געפינען זיך** פיעל פריידענקערס, וועלכע זאָגען, וואָס דאַרפען מיר האָבען דאָס מאַטעריעלישעס, דאָס הייסט, דאָס פּראַקטישעס פון דער זאַך. דער עיקר איז דאָך די גייסטיגע זייט פון דער מצוה, דאָס הייסט, דער געדאַנק, דער צוועק פון דער מצוה. און צוליעב דעם מאָטיוו זענען זיי נישט מקים די מצוות מעשיות, די פּראַקטישע מצוות. אָבער מיר, וועלכע האַלטען אין ג־ט׳ס תורה, וועלכע איז איבערגעגעבען דורך משה רבנו עליו השלום, זאָגען: אזוי ווי עס איז געוועהן ג־ט׳ס ווילען ביים באַשאַפען דעם מענש, וואָס ער האָט איהם באַשאַפען מיט דער צונויפמישונג פון „כמות" און „איכות", קערפּער און גייסט, גוף און נשמה, וואָסביידע נויטיגען זיך איינער אין צווייטען, אזוי אויך אַלע ענינינים, וועלכע זענען באַשאַפען געוואָרען אויף דער וועלט, באַשטעהען פון קערפּער און גייסט, אָבוואָהל דער צוועק פון יעדער זאַך איז די איכות, פונדעסטוועגען איז דאָס באַקליידט מיט אַ קערפּער.

## די נשמה און דער קערפּער דאַרפען שפּירען די מצוה

**לויט דעם** וואָס מיר האָבען דערמאָנט, דאַרפען די מצוות צו זיין, אזוי ווי זיי זענען אונז גע-

געבען געוואָרען מיט דעם אופן פון דער באַשאַפונג, אַזביידע חלקים, וועלכע געפינען זיך אין מענשען: דאָס מאַטעריעלישעס און דאָס גייסטיגעס, זאָלען שפּירען די מצות: דער קערפּער פון מענש זאָל שפּיהרען די כמות פון דער מצוה, דעם מאַטעריעלישען טייל פון דער מצוה, דאָס הייסט, דעם פּראַקטישען טייל, און די נשמה, דער געטליכער טייל, וואָס געפינט זיך אין מענשען, זאָל שפּירען די איכות פון דער מצוה, איהר געדאַנק און איהר טעם. אמת טאַקע, אַז דער הויפּט־צוועק פון דער מצוה איז דער געדאַנק, צו פאַרשטעהן די כונה פון דער מצוה. און דאָס מאַטעריעלישעס, דאָס טהאָן די מצוה איז נישט דער הויפּט־צוועק, נאָר אַ מיטעל צו דערוועקען דעם מענשען, ער זאָל באַגרייפען דעם געדאַנק און די מיין פון דער מצוה. דאָס אויספיהרען די מצוה אין דער פּראַקטיק מאַכט אַן איינדרוק אויף דעם מענשען און ברענגט איהם צו טראַכטען, צו דער מחשבה. אָבער מיר אידען האָבען אויף זיך גענומען, שטעהענדיג ביים באַרג סיני, מקיים צו זיין ביידע זאַכען, די מעשה און די מחשבה פון דער מצוה. ווען מיר האָבען געזאָגט: „כל אשר דבר ה׳ נעשה ונשמע" — אַלץ וואָס ג־ט האָט גערעדט, וועלען מיר טהאָן און הערען, — האָבען מיר אויף זיך גענומען צו טהאָן און צו הערען. אויך דער טהאָן זאָל זיין פריהער פאַר דער מחשבה. דאָס הייסט, אַז קודם כל דאַרפען מיר טהאָן די מצוות, און נאָכהער הערען — הערען און פאַרשטעהן, דאָס איז געווען ג־ט׳ס ווילען מיט זיין פאַ־

דערונג פון אונז צו בויען פאר איהם אַ משכן, צו וואוי־
נען אין איהם. אונז צו ווייזען דערמיט דעם דרך פון
דער תורה און מצוה, און זיך צו באַטראַכטען דורך דעם,
אַז דער ג־ט פון הימעל און דער ערד, דער שעפער פון
אַלע וועלטען, וואָס ער איז דער אָרט פון די וועלטען,
איז אַ פאַרשטענדליכע זאַך, אַז מיר האָבען נישט קיין
אָרט פאַר איהם, און אויך ער נויטיגט זיך נישט, אַז
מיר זאָלען איהם צוגרייטען אַ באַשטימטען אָרט צו
וואוינען, דען אויסער דעם וואָס ג־ט איז אויסגעטהאָן
פון יעדער קערפערליכקייט, נאָר מיר קענען אפילו זיין
גייסטליכקייט אויך נישט באַגרייפען. מיר קענען זיך
אפילו נישט אויסמאָלען אַ בילד אין אונזער פאַנטאַזיע
פון זיין גייסטליכקייט און פון זיין געטליכער אומענד־
ליכקייט. און דאָך האָט ער אונז געהייסען: „ועשו לי
מקדש ושכנתי בתוכם", — צו זאָגען אונז מיט דעם,
ווי אַזוי מיר זאָלען זיך פיהרען אין די העכסטע גייס־
טיגע ענינים, זיך נישט צו באַגנוגענען בלויז מיט גייס־
טיגער אויפשטייגונג, מיט מחשבות און כוונות, און
נישט פאַראייניגען זיי מיט דעם מאַטעריעלישען טייל.
נאָר צו וויסען, אַז מיר דאַרפען פאַראייניגען אין אַלע
עניניםביידע חלקים צוזאַמען: דעם מאַטעריעלען און
דעם גייסטיגען. אַז יעדער טייל, וואָס געפינט זיך אין
מענשען, זאָל נעמען אַ חלק אין דער מצוה. דער אויי־
בערשטער, מיט זיין גאַנצער גרויסקייט, וואָס מען קען
זיך עם גאָרנישט פאָרשטעלען, האָט זיך קאָנצענטרירט
לויט דעם מענשליכען באַגריף, אַז ביידע טיילען זאָ־

לען איהם שפירען און אין דעם וועג זאָלען זיי געהן ביי אַלע ענינים. מיט דעם איז אונז שוין פאַרשטענדליך דאָס וואָס ג־ט האָט אונז געוואָרענט ביי די נדבות פון משכן: „מאת כל איש אשר ידבנו לבו תקחו את תרומתי" (פון יעדען מענש, וואָס זיין האַרץ וועט באַווי־ליגען צו געבען, זאָלט איהר פון איהם נעמען מיין תרומה). דאָס הייסט צו נעהמען די נדבות פאַר'ן משכן דוקא פון די מענשען, וואָס זייער האַרץ וועט באַ־וויליגען, פון די וועלכע גיבען מיט זייער גאַנצען האַרץ. ביי קיין שום אַנדערע מצוות פון געבען, וואָס געפינט זיך אין דער תורה, ווערט אַזאַ לשון נישט דערמאָנט, אַז די תורה זאָל לייגען געוויכט אויף דעם, אַז מען זאָל נעמען דוקא פון אַזעלכע מענשען, וועלכע גיבען מיט זייער גאַנצען האַרץ.

## דער אונטערשיד פון דער מצוה פון צדקה און די איבעריגע מצוות

**ביי דער מצוה** פון צדקה, געפינען מיר אַן אונטער־שיד צווישען איהר און די איבעריגע מצוות. ביי אַלע מצוות דאַרף מען ריכטען די געדאַנקען, אין דער צייט ווען מען טהוט די מצוה, צו וויסען, אַז מיט דעם טהוט מען אַ מצוה. אָבער ביי צדקה געבען דאַרף מען נישט האָבען קיין שום כוונה. דאָס הייסט: מען דאַרף נישט ריכטען די געדאַנקען אויף דעם, אַז מען

זאָל בשעת מעשה וויסען, אַז מען טהוט מיט דעם אַ מצוה. אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת ראש השנה, דף ד׳: „האומר סלע זו לצדקה בשביל שיחיו בני, הרי זה צדיק גמור”. דעם ר״ח׳ס גירסא איז: „הרי זו צדקה גמורה”. — (אַז איינער זאָגט, דער סלע (דאָלאַר) זאָל זיין אויף צדקה, אַז מיינע קינדער זאָלען לעבען, דער איז אַ פאָלקאָמענער צדיק, לויט דער לע־זונק פון ר״ח: דאָס איז אַ פאָלקאָמענע צדקה). — אַזוי זעהען מיר אויסדריקליך פון דער גמרא, אַז ביי צדקה דאַרף מען נישט האָבען קיין שום כוונה צו דער מצוה.

**דער מאָטיוו** איז פאַרשטענדליך. ווייל דער גאַנצער ענין פון צדקה איז דאָך, אַז דער וואָס נעמט די צדקה זאָל פון איהר געניסען. דעריבער איז, אָבוואָהל עס האָט געפעהלט די זייט פון איכות אין דעם טהאָן די מצוה, דער געבער האָט נישט געריכטעט זיינע גע־דאַנקען בשעת׳ן געבען, אַז עס זאָל זיין לשם מצוה, איז אויך זיין צדקה אַ פאָלקאָמע צדקה. אויף דעם זעל־בען אופן וועט אויך פאַרשטענדליך זיין די רייד פון כסף משנה אין הלכות עבדים פרק ג׳ הלכה י״ד, דאַר־טען אין זיין חקירה, צי מען נויט אויף הענקה (אַ גע־שאַנק, וועלכען דער בעל הבית גיט אַ אידישען קנעכט, ווען ער געהט אַרויס פריי), און ער ברענגט דאָרט אין דער אָפּהאַנדלונג וועגען דעם פאָלגענדעם: און נאָך ווייזט מיר אויס אַנ׳אַנדער חילוק, אַז די באַלוינונג פאַר

הענקה איז נאָר פאַר דעם „שלא יקשה בעיניו", דער־פאַר וואָס ער גיט איהם מיט אַ גוט האַרץ און מיט פאַר־געניגען, און אויב ער גיט איהם נישט דעם געשאַנק מיט'ן גאַנצען האַרצען, איז דאָס זיין שטראָף, וואָס ער ווערט נישט געבענשט. אָבער פאַר דער ענקה אַליין האָבען מיר נישט געהערט נישט קיין באַלוינונג און נישט קיין שטראָף. און דעריבער צווינגט מען איהם.

**און דאָס** ווייזט מיר אוים צו זיין אַ ריכטיגער חילוק. נאָר עס האַרט מיר אַ קשיא. ביי צדקה איז דאָך אויך דאָרטען געשריבען: „ולא ירע לבבך בתתך לו כי בגלל הדבר הזה יברכך ה'" — (און עס זאָל דיך נישט פאַרדריסען אין דיין האַרץ, געבענדיג איהם, ווייל צוליעב דעם דאָזיגער זאַך וועט דיך ג-ט בענשען). פון דעם כסף משנה'ס רייד ווייזט אוים, אַז ווען נישט קשיא פון תוספות בבא בתרא, דף ח', אין תוספות „אכפייה", וועלכעס עס ווערט דאָרט געפרעגט: עס ווערט דאָרט געבראַכט אין פרק כל הבשר, אַז יעדע מצות עשה, וועלכע די באַלוינונג פאַר איהר קומט גלייך — איז דער בית דין נישט אָנגעזאָגט אויף דעם צו נויטען די מענשען צו טהאָן. טאָ ווי אַזוי האָט רבא גע־נויט רב נתן'ען צו געבען פיער הונדערט גילדען אויף צדקה? ווען נישט די קשיא פון תוספות וואָלט ער געזאָגט, אַז צדקה הייסט נישט קיין מצוה, וואָס די באַ־לוינונג קומט פאַר איהר גלייך. די באַלוינונג איז ניט פאַר'ן געבען די צדקה, נאָר די באַלוינונג איז פאַר'ן

געבען נישט מיט קיין פּאַרדרוס. ווי עס ווייזט אויס פון פּסוק: „ולא ירע לבך בתתך לו כי בגלל הדבר הזה יברכך ה׳״. דאָס הייסט, דיר זאָל נישט פאַרדריסען ביים געבען, וואָרום פאַר דעם וועט דיך ג-ט בענשען, אָבער ווען מען גיט מיט פּאַרדרוס, מיט אַ שלעכט האַרץ, וועט ג-ט נישט בענטשען דיך. און רב נתן, האָט דאָך נישט געקריגען די ברכה, ווייל ער האָט דאָך נישט געגעבען מיט׳ן גוטען האַרצען, איז דאָך שוין די באַלוינונג נישט גלייך. דערום האָט רבא איהם שוין געקענט נויטען צו געבען. לויט מיין ערקלערונג פריהער, אַז אַבוואָהל ער גיט נישט די צדקה מיט׳ן גו-טען האַרצען, האָט ער אויך מקיים געווען די מצוה פון צדקה, אַזוי ווי איך האָב דערמאָנט די גמרא, אַז ער גיט צדקה נאָר צוליעב דעם, אַז זיין זון זאָל לע-בען, הייסט דאָס אויך ריכטיגע צדקה, אָבער די באַ-נונג גלייך אויפ׳ן אָרט, די ברכה, האָט ער נישט, ווייל ער האָט נאָר מקיים געווען בלויז דעם טייל „כמות״, דעם מאַטעריעלען טייל פון דער צדקה. אָבער ווען ער איז מקיים די מצות צדקה מיט׳ן גוטען האַרצען, דאַן האָט ער געטהאָןביידע טיילען פון דער מצוה, דעם כמות און איכות, די מאַטעריעלישע מיט די גייסטליכע טיילען, און די מצות צדקה איז פאַרפאָלקאָמט אין איהר גאַנצקייט, — ביי אַזאַ צדקה איז אויסער די מצוה זעלבסט, באַקומט ער נאָך גלייך די באַלוינונג פאַר איהר. דעריבער ביי דעם בנין, פון וואָס די כונה פון ג-ט איז געווען דערביי צו ווייזען אויף דער פאַראייני-

גונג פון דעם כמות און דעם איכות ביי אלע מצוות, אזוי ווי מיר האָבען מיט ג־ט׳ס הילף ערקלערט אין אונזער מאמר, האָט אונז די תורה געוואָרענט צו נעה־מען די נדבות פאַר׳ן משכן דורך אוים נאָר „מאת כל איש אשר ידבנו לבו״, פון דעם וועלכער גיט אוים גוט־האַרציגקייט, אַז אין דער נדבה, וואָס ער גיט, זאָלען זיין ביידע טיילען, די כמות און די איכות: דאָס גע־בען מיט דער האַנד און דאָס געבען פון האַרץ, און ניט אַזוי ווי ביי אַלע צדקות געבען, וואָס מיט׳ן געבען מיט דער האַנד אַליין איז מען אויך מקיים די מצוה. אָבער ביים בנין פון משכן איז געוועזן ג־ט׳ס ווילען, אַז עס זאָל זיין דער סימבאָל פאַר אַלע מצוות, אַז דער כמות מיט דעם איכות זאָלען זיך פאַראייניגען. דעריבער האָט ג־ט מקפיד געוועזן, אַז די נדבות זאָלען זיין מאַטעריע־ליש און גייסטיג.

## אויך ביי אַן עבירה זענען די באַדינגונגען פון כמות און איכות

**און אַזוי** ווי מיר האָבען ערקלערט, אַז ביי די מצוות פון דער תורה דאַרפען זיין ביידע באַדינ־גונגען, דאָס הייסט: דער כמות און דער איכות, אַזוי אויך ביי אַנ׳עבירה, חס ושלום, איז מען נישט חייב

אויף איהר, סיידען דער פאַרברעכער האָט געטהאָןביידע טיילען פון דער עבירה — דעם כמות מיט דעם איכות. נעמליך: דאָס טהאָן די עבירה און דער ווילען צו טהאָן איהר. איז לויט דעם, אַז מען האָט איינעם געצוואונגען צו באַגעהן אַ פאַרברעך, ווערט ער נישט באַשולדיגט דערפאַר, ווייל ער האָט געטהאָן בלויז נאָר איין חלק פון דעם פאַרברעך, נעמליך, דעם כמות, אָבער דעם איכות, דאָס גייסטיגעם פון דעם פאַרברעך האָט ער נישט געטהאָן, ווייל ער האָט עס געטהאָן נישט מיט זיין ווילען. אין תוספות מסכת עבודה זרה, דף נ״ד, תוספות ד״ה „מתקיף לה״, ווערט אָפּ-גע׳פּסק׳נט: אַז אויב אויף די דריי זאַכען, וואָס מען איז מחויב צו לאָזען זיך הרג׳ענען און נישט עובר זיין אויף זיי, האָט ער זיך נישט געלאָזט הרג׳ענען, נאָר ער אָט עובר געווען אויף זיי, פונדעסטוועגען איז ער פּטור פון טויט-שטראָף דורך בית דין. און אויך אין רמב״ם הלכות יסודי התורה, פרק א׳, הלכה ד׳ פּסק׳נט ער: „וכל מי שנאמר בו יהרג ואל יעבר, ולא נהרג הרי זה מחלל ה׳״. ואף על פי כן מפני שעבר באונס אין מלקין אותו״. ביי יעדער זאַך, וואָס ביי דעם שטעהט אַז ער זאָל זיך לאָזען הרג׳ענען און נישט עובר זיין, און אַז איינער האָט עובר געווען און זיך נישט גע-לאָזט הרג׳ענען, איז ער דערמיט מחלל ג-ט׳ס נאָמען. און פונדעסטוועגען ווייל ער האָט עס געטהאָן גע-צוואונגענערהייט, קומט איהם נישט קיין מלקות. זע-הען מיר דאָך דאָך, אַז אפילו ביי עבודה זרה, גלוי

עריות און שפיכות דמים, אויף וועלכע דער מענש איז מחויב מקדש השם צו זיין, זיך לאָזען הרג'ענען, און נישט עובר צו זיין, און אויב ער האָט זיך נישט גע־לאָזט הרג'ענען און ער האָט געטהאָן איינעם פון די דריי פאַרברעכענס, שטראָפט מען איהם נישט דורכ'ן בית דין. דער שכל דערפון איז, געוויס, ווי איך האָב געזאָגט, ווייל ער האָט עובר געווען נאָר איין טייל פון דער עבירה, נאָר אויף דער מאַטעריעלישער זייט אליין. אָבער דעם גייסטיגען טייל פון דער עבירה האָט ער נישט געטהאָן, ווייל ער האָט דאָך געטהאָן געגען זיין ווילען.

**מיט דעם** וועט אונז פאַרשטענדליך ווערען אויך וואָס די גמרא זאָגט אין מגילה, דף י"ב, וואו עס ווערט דאָרט געבראַכט: „שאלו תלמידיו את רבי שמעון בן יוחאי, מפני מה נתחייבו שונאי ישראל כליה באותו דור. אמר להם: אמרו אתם. אמרו לו: מפני שנהנו מסעודה של אותו רשע". (די תלמידים פון רבי שמעון בן יוחאי האָבען איהם געפרעגט, פאַר־וואָס זענען די אידען אין אחשורש'ם צייטען שיעור־פאַר'משפּ'ט געוואָרען אויף אומגעבראַכט צו ווערען? האָט ער צו זיי געזאָגט: זאָגט איהר, פאַרוואָס? האָ־בען זיי איהם געזאָגט: ווייל זיי האָבען גענאָסען פון אחשורש'ם סעודה). אין פלוג קען מען דאָך פרעגען: עס איז דאָך ביי אונז אָנגענומען, אַז ביי אַלע עבירות פון דער תורה, דאַרף מען עובר זיין און זיך נישט לאָ־

זען הרג׳ענען, אויסער פון דריי: עבודה זרה, גלוי עריות און שפיכת דמים. איז אויב אזוי, איז דאָ אַ פראַגע: ס׳איז דאָך פארשטענדליך, אז ביי דער סעודה פון אחשורש, ווען זיי וואָלטען ניט וועלען עסען, וואָלט מען זיי באַשטראָפט, ווי מורדים אין מלכות מיט טויט־שטראָף און לויט דער דעה פון רמב״ם הל׳ יסודי התורה פרק ה׳, הלכה ד׳, איז דאָ אַ פאַרבאָט זיך נישט צו לאָזען הרג׳ענען ביי אַזעלכע זאַכען, וואָס דער דין איז „יעבור ואל יהרג״, ער זאָל באַגעהן דעם פאַרברעך און נישט גע׳הרג׳עט ווערען. דער רמב״ם זאָגט, אַז דער וואָס האָט ביי אַזאַ עבירה זיך געלאָזט הרג׳ענען, איז ער מתחייב בנפשו. ער איז שולדיג אין דער אומברענגונג פון זיין נפש. און אפילו נאָך דער מיינונג פון תוספות עבודה זרה, דף כ״ז און תוספות ד״ה „יכול״, וואָס דאָרטען ווערט געבראַכט אַ ראיה פון רבי אבא בר זימרא, וועלכער איז איינמאָל געווען ביי אַ געצענדינער, האָט ער צו איהם געזאָגט: עס נבלה, אויב דו וועסט נישט עסען, וועל איך דיר הרג׳ענען. האָט ר׳ אבא איהם געענטפערט: אויב דו ווילסט הרג׳ענען, הרג׳ע, — וויל תוספות פון דעם דרינגען, אַז עס איז נישט קיין עבירה, אַז מען זאָל זיך מוסר נפש צוליעב יעדער עבירה. אָבער דאָס איז געווים, אַז קיין דין איז נישטאַ, מען זאָל זיך לאָזען צוליעב יעדער עבירה טויטען. לויט דעם דאַרף מען פאַרשטעהן, פאַרוואָס זענען די אידען פאַר׳משפט געוואָרען צום אונטערגאַנג

צוליעב דעם, וואָס זיי האָבען געגעסען פון דער סעודה פון אחשורש?

די קשיא האָב איך געזעהן אין ספר „בית שמואל אחרון” און ער פאַרענטפערט, אַז דאָס האָבען די תלמידים באַטאָנט. זיי האָבען נישט געזאָגט, אַז זיי האָבען געגעסען פון דעם רשע'ס סעודה, נאָר זיי האָבען געזאָגט: „שנהנו”, דאָס מיינט — זיי „האָבען הנאה געהאַט”, זאָגענדיג דערמיט, אַז פאַר'ן עסען זענען זיי נישט באַשולדיגט געוואָרען, ווייל מיט'ן עסען אַליין האָבען זיי נישט געטהאָן די עבירה אינגאַנצען, דיביידע טיילען פון דער עבירה, ווייל זיי האָבען געגעסען געצוואונגענערהייט, צוליעב דער מורא פאַר'ן קעניג, און זיי האָבען אַלזאָ נאָר עובר געווען אויף דעם מאַטעריעלישען טייל, אָבער אויף דעם גייסטיגען טייל האָבען זיי נישט עובר געווען. זיי באַטאָנען דעריבער, ווייל זיי האָבען הנאה געהאַט, זיי האָבען געטהאָן די עבירה מיט זייער גוטען ווילען, זיי האָבען זיך נישט מצער געווען אויף דעם, וואָס זיי מוזען עסען טרפות. זיי האָבען געטהאָן די עבירה מיט שמחה. זיי האָבען געגעסען און הנאה געהאַט. עהנליך צו דעם האָב איך געפונען אין ספר נמוקי רידב"ז, וועלכער זאָגט אויף דעם פסוק אין תהלים, פרק ל"ח, „אדוני נגדך כל תאותי ואנחתי ממך לא נסתרה” (ג-ט, אַנטקעגען דיר איז מיין גאַנצע תאוה, און מיין זיפצען איז פון דיר נישט פאַרבאַהלטען). אמת, אַז איך בין באַגאַנגען פאַר־

ברעכענס צוליב מיין תאוה, אָבער מיין זיפץ איז פון דיר נישט באַהלטען — דו ווייסט, אַז איך האָב זיך מצער געווען אויף דעם. הייסט דאָס, אַז איך האָב די גייסטיגע זייט פון דער עבירה נישט געטהאָן.

## די פליכט פון אַ קעניג צום פאָלק

**מיט אונזערע רייד** ווערט ערקלערט אויך דאָס, וואָס שמואל הנביא איז אין כעס געווען אויף די אידען דערפאַר, וואָס זיי האָבען געפאָדערט אַ קעניג. אין פלוג איז דאָס אונז נישט פאַרשטענדליך, פאַרוואָס שמואל הנביא איז אין כעס געווען אויף זיי. אדרבה, דאָס אויפנעמען אַ קעניג איז דאָך איינע פון די דריי מצוות, וואָס די אידען זענען געבאָטען געוואָרען ביי זייער אריינקומען אין ארץ ישראל, אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת סנהדרין, דף כ'. נאָר אונזער אויפקלערונג וועגען מצוות איז דאָך אויך ביי דער מצוה פון אויפנעהמען אַ מלך דאָ צוויי טיילען: דען ער דינט די צוויי ענינים, ערשטענס, אַלס גייסטי־גער פיהרער, היטען די רעליגיאָן, וויסענשאַפט און רעכט, און צווייטענס, פאַר מאַטעריעלישע ענינים: פיהרען מלחמות, זיין אַ רעגירער איבער אינערליכע ענינים און אויסערליכע ענינים. און דאָס איז די מצוה פון אויפנעהמען אַ מלך אין איר גאַנצקייט. אויב די

פאָדערונג פון דעם פאָלק צום מלך איז נאָר איינזייטיג, דאָס הייסט, אַז ער זאָל זיין „ככל הגוים", אַזוי ווי ביי אַלע פעלקער, וואָס דער עיקר איז ביי זיי נאָר דאָס מאַטעריעלישע פון דעם מלך, ער זאָל פיהרען מלחמות, אויב אַזוי קען אַמאָל טרעפען, אַז זיי זאָלען זיך נעהמען אַ מלך פון אַנ׳אַנדער פאָלק, אַזוי ווי עס טרעפט זיך ביי אַנדערע פעלקער, וואָס מאַנכעס מאָל נעהמען זיי זיך אַ מלך פון אַנ׳אַנדער פאָלק, אויב ער באַזיצט נאָר אַלע מאַטעריעלישע מעלות, וואָס אַ מלך מוז באַזיצען, דהיינו: אַ מלחמה-העלד און דאָס גלייכען. אָבער ג-ט׳ס ווילען איז געווען, אַז דער הויפּט־צוועק פון מלך זאָל זיין זיין גייסטיגע זייט. דאָס הייסט, „בעת ער זעצט זיך אויף דער קעניגליכער שטול, זאָל ער זיך שרייבען אַ ספר תורה, און זי זאָל שטענדיג זיין מיט איהם, און ער זאָל אין איהר לייענען זיין גאַנצען לעבען, כדי ער זאָל זיך לערנען, ווי מורא צו האָבען פאַר זיין ג-ט און אָפּצוהיטען די אַלע רייד פון דער דאָזיגער תורה, און אַלע געזעצען זיי צו טהאָן". דעריבער האָט אונז די תורה געוואָרענט: „לא תוכל לתת עליך איש נכרי אשר לא אחיך הוא", טאָרסט נישט אויפנעהמען אַ מלך אַ פרעמדען, וועלכער איז נישט דיין ברודער, ווייל דער ווילען פון ג-ט איז, אַז די הויפּט-זאַך ביים אויפנעהמען אַ מלך, איז די גייסטיגע זייט פון דעם מלך, צו טהאָן משפט און גערעכטיגקייט. ער זאָל לערנען, ווי אַזוי מורא צו האָבען פאַר ג-ט, אָבוואָהל אויך די מאַטעריעלישע זייט פאַר־

נעהמט אַנ׳אָרט ביים אויפנעמען אַ מלך. אַזוי ווי עס איז געשריבען „מלך ביפיו תחזינה עיניך״. (אַ מלך אין זיין שעהנקייט וועלען דיינע אויגען זעהן). אין רמב״ם, הלכות מלכים, פּרק ב׳, הלכה ה׳, ווערט גע־בראַכט „ומתקן עצמו ומתנאה במלבושים נאים ומפו־ארים״ (און ער פּוצט זיך, און מאַכט זיך שעהן מיט שעהנע קליידער). אָבער נישט דאָס איז דער עיקר. אויך דאַרף דער מלך זיין פּאָרזיכטיג, אַז דאָס מאַ־טעריעלישעס זאָל נישט זיין צו־פיעל, אַזוי ווי עס איז געשריבען אין דער תורה: „לא ירבה סוסים וכסף וזהב לא ירבה לו מאד״. (ער זאָל נישט האָבען צו־פיעל פערד, זילבער און גאָלד זאָל ער נישט האָבען צופיעל). אָבוואָהל פערד, זילבער און גאָלד זענען מיט־לען צו פיהרען מלחמות. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר־תכלית פון אַ מלך. ווען שמואל הנביא האָט גע־הערט פונ׳ם פאָלק דעם נוסח: „עתה שימה לנו מלך לשפטנו ככל הגוים״ — (איצט מאַך אונז אַ מלך, ער זאָל אונז פיהרען, ווי אַלע פעלקער), — האָט דאָס שמואל׳ן פאַרדראָסען, ווייל ער האָט געהערט, ווי זיי זאָגען „ככל הגוים״ (ווי אַלע פעלקער). זיי האָבען גע־מאַכט די נעבען־זאַך פאַר דער הויפּט־זאַך, און די הויפּט־זאַך פאַר דער נעבען זאַך. צוליעב דעם איז: „וירע הדבר בעיני שמואל״. די זאַך האָט שמואל׳ן פאַרדראָסען, וואָס זיי האָבען אַזוי פאַרלאַנגט נאָר דעם מאַטעריעלישען טייל, און נישט דעם עיקר־צוועק פון מלך, לויט׳ן גייסט פון דער תורה.

**און אזוי** ווי ביי א מלך, אזוי איז אויך ביי א כהן גדול. אבוואהל דער כהן גדול איז דער סימ־באל פון הייליגקייט און גייסטיגקייט — ער דארף אריינקומען אין דער אינערליכקייט פון אלע אינער־ליכקייטען, אין דעם הייליגטום פון אלע הייליגטים־ליכקייטען, דער ציץ מיט דעם אויפשריפט קודש לה׳ שטענדיג אויף זיין שטערען. אבער ער דארף זיך אויס־צייכענען אויך אין מאטעריעלישען זין. דהיינו: זיין עלעגאנט געקליידעט, וועלכע זענען פאסענד פאר אזא פערזאן, ווי ער איז. ער דארף אויך טראגען אויף זיין הארץ טייערע שטיינער.

**אין מסכתא** יומא, דף י״ח, דרש׳נען די חז״ל: „והכהן הגדול מאחיו, שיהא גדול מאחיו בכח, בנוי, בחכמה ובעושר. אחרים אומרים, מנין אם אין לו שאחיו הכהנים מגדלים אותו? תלמוד לומר והכהן הגדול מאחיו גדלהו, משל אחיו״. (דאס וואס די תורה זאגט: „והכהן הגדול מאחיו״, דער כהן, וועלכער איז דער גרעסטער פון זיינע ברידער, מיינט מען, ער דארף זיין גרעסער פון זיינע ברידער מיט חכמה, מיט כח, מיט שעהנקייט און מיט רייכקייט. אנדערע זאגען: פונוואנען ווייסען מיר, אז אויב ער האט נישט, דאר־פען איהם זיינע ברידער גרוים מאכען? קען מען עס אפלערנען פון דעם פסוק: „והכהן הגדול מאחיו, גדלהו משל אחיו״, מאך איהם גרוים אויפ׳ן חשבון פון זיינע ברידער). וואס ווערט אונז קלאר פון דעם געדאנק?

אַז דער געבאָט: „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", — לערענט אונז אַ גרויסען כלל: אַז מיר דאַרפען זיך אינטערעסירען ביי אַלע אונזערע ענינים מיטביידע, מיט דעם כמות און מיט דעם איכות, אַז זיי זאָלען זיי ביי אונזביידע צוזאַמען. און אַזוי ווי עס קען נישט זיין אַ גוף אָהן אַ נשמה, אַזוי קען נישט זיין אין אונזער וועלט אַ נאַקעטע נשמה, אָהן אַ גוף. נאָר זיי דאַרפען זיין פאַראייניגט צוזאַמען. אַזוי איז אויך די תורה און די מצוות, און אויך די פאַרפאָלקאָמענהייט פון דעם מענש. די דאָזיגע וועג פיהרט צום בית המקדש, וואָס דאָרטען וועט מקויים ווערען ג־ט'ס וואָרט: „ושכנתי בתוכם" — איך וועל רוהען צווישען זיי.

## די הייליגקייט פון די געזעלשאַפטליכע טהוער

**די אַרבייט** פון אונזערע געזעלשאַפטליכע טהוער איז
שווער און גרויס, מאַטעריעליש און גייס-
טיג. און אַממיינסטען איז זייער אַרבייט שווער דער-
מיט, וואָס די מענשען, פאַר וועלכע זיי אַרבייטען, וויי-
סען נישט אָפּצושאַצען די ווערדע פון זייער אַרבייט,
און דאַנקבאַר צו זיין פאַר איהר. אָבער זאָל נישט
אַראָפּפאַלען דער מוט ביי די געזעלשאַפטליכע טהוער
צוליב דעם. דעם מזל האָבען געהאַט אַלע אונזערע
פאָלקס-פיהרער, פון דעם ערשטען ביז דעם לעצטען,
וועלכע האָבען געדינט די געזעלשאַפט מיט דער גרעס-
טער איבערגעגעבענהייט און אונזער פאָלק. אַנשטאַט
זיי דאַנקבאַר צו זיין, האָבען זיי געטהאָן דאָס פאַרקער-
טע. יעדעס מאָל איז דאָס פאָלק געקומען מיט פּרע-
טענסיעס און האָבען פאַרביטערט זייער לעבען. אָבער
אונזערע פיהרער האָבען זיך מיט דעם אַלעם נישט גע-
רעכענט, ווייל איין ציעל האָבען זיי געהאַט פאַר זיך:
צו זעהן דאָס גליק פון דער נאַציאָן. סוף כל סוף איז
דאָך זייער באַלוינונג גרויס פאַר זייער אַרבייט. זייער
אָנדענקונג איז געבענשט. זיי זענען געבליבען אַלס
לעבעדיגער און עקזיסטירענדיגער סימבאָל. ווינציג
אין צאָהל זענען די אוהבי ישראל, די אידישע ליבהאַ-

בער, אָבער זיי זענען פאַררעכענט אין חשיבות אַלס גרויסער קהל. זיי זענען די דערהויבענע פון פאָלק, די הייליגסטע פון אַלע הייליגע פונ׳ם פאָלק.

**עס איז** באַוואוסט דער דין התורה, אַז מען טיילט אָפּ פון די תבואה און מען גיט דאָס אַוועק דעם כהן, און מען רופט דעם דאָזיגען טייל "תרומה". און דורך דאָס אָנרופען עס מיט דעם נאָמען תרומה שטייגט אַרויף דער טייל תבואה צו דער שטופע פון הייליגקייט. ווער עס איז נישט קיין כהן טאָר פון דעם חלק נישט עסען, ווייל דאָס איז קודש (הייליג). אַזוי ווי עס איז געשריבען אין דער תורה: „וכל זר לא יאכל קודש". (און יעדער פּרעמדער, וואָס איז נישט קיין כהן, זאָל נישט עסען קיין הייליגעס). אויך די כהנים דאַרפען זיך באַגעהן מיט דעם חלק מיט פאָרזיכטיגקייט. דהיינו, זיי טאָרען דאָס נישט עסען אין אומריינקייט. ווען זיי עסען די תרומה מיט דער אומריינקייט פון זייער קערפּער, זענען זיי עובר אויף אַ עשה, און ביי דער אומריינקייט פון דער תרומה זעלבסט, זענען זיי עובר אויף אַ לא תעשה. דאַ איז פאַרהאַן צו פרעגען: מיט וואָס איז דאָס אַנדערש דער חלק, וואָס איז אָפּגעטיילט געוואָרען, פאַר דעם איבערגעבליבענעם טייל? די תבואה איז דאָך איינע און די זעלבע, די קערענדלעך זענען דאָך גלייך איינע צו די אַנדערע אין יעדען הינזיכט, זענען געוואַקסען אין איין פעלד, זענען געווען צונויפגעשאַרט אין איין הויפען, און אין אַלגעמיין, זעהען מיר נישט

קיין שום אונטערשיד צווישען דעם חלק, וועלכער רופט זיך תרומה און צווישען דעם איבערגעבליבענעם חלק, וועלכער רופט זיך חולין (די נישט־אָפּגעטיילטע)— מיט וואָס האָט דאָס אַרויסגעשטיגען איין חלק צו דער שטופע פון קדושה, און דער צווייטער איז געבליבען נישט הייליג און עס איז יעדען מענש ערלויבט דאָס צו עסען אויך אין אומריינקייט?

לויט מיין אָרימען פאַרשטאַנד. קען מען דאָס מאָטי־ ווירען מיט דעם, אַז צוליעב דעם איז דער חלק, וועלכער ווערט אָנגערופען תרומה אַרויף צו אַזא הויכער שטופע פון הייליגקייט, ווייל דורך איהם איז די איבערגעבליבענע תבואה אויסגעבעסרט געוואָרען און האָט אויפגעהערט צו זיין טבל (די תבואה, וואָס מען האָט נאָך נישט געגעבען פון איהר קיין תרומה און מעשר רופט זיך טבל), וועלכע איז געוועזען פאַר־ באָטען צו עסען. און דער טייל, וועלכער ווערט אָנגע־ רופען תרומה, האָט געמאַכט אַנ'אויסבעסרונג אין די טבל דערמיט, וואָס ער האָט איהר אַרויפגעבראַכט צו דער מדרגה פון היתר, דאָס הייסט, אַז יעדער איינער זאָל מעגען עסען די דאָזיגע תבואה. דעריבער איז דער חלק ווערט און פּאַסיג צו זיין קודש.

אָבוואָהל דאָס איז שווער צו פאַרשטעהן, ווייל עס איז דאָך גאָרנישט געטהאָן געוואָרען אין דעם חלק, וואָס רופט זיך תרומה. און עס איז גאָרניט

קענטיג אויף איהם. די תרומה איז גלייך מיט איהר אויסזעהן און מיט איהר טעם און ריח צו דעם טייל, וואס רופט זיך חולין. וואס פאר א ענדערונג איז דא פארט ענטשטאנען אין דעם חלק, וואס רופט זיך תרומה, אז דער אונטערשיד זאל זיין אזוי גרויס, אז אפילו דער אייגענטימער פון די תבואה, דער ישראל, וועלכער האט אפגעטיילט דעם טייל, זאל נישט טארען עסען דעם חלק, און אויב ער האט יא געגעסען ברענגט ער אויף זיך אנ'עבירה.

אלס איינפאכער מענש, וועלען מיר דאס דערקלערען איינפאך. צום ביישפיעל, א דאקטאר גיט דעם קראנקען מעדיצין, א פודער צו נעמען. דער פודער איז צוריבען אויף גאר דין, ווי מעל. זיין אויסזעהן איז ווייס, זיין געשמאק איז זיס. דער דאזיגער פודער איז א מיטעל פאר'ן קראנקען צו פארבעסערען ביי איהם זיין בלוט-צירקולאציע, צו רייניקען ביי איהם די נירען (קידנעס), און היילען דעם לעבער, אדער צו אנדערע קערפערליכע קראנקהייטען. צייטענווייז זעהען מיר, ווען א מענש שלינגט אראפ א פודער סם, וועלכער איז עהנליך צו דעם פודער, וואס דער דאקטאר האט געגעבען א היילונגס-מיטעל א קראנקען, — די דערמאהנטעביידע פודערס (סמים) האבען איין אויסזעהן און געשמאק, זיס אדער ביטער, די זעלבע דינקייט, אויך מיט דער געוויכט זענען זיי גלייך איינער צום צווייטען. ביידע זענען גרינג אדער שווער,

און דאָך ווערט אַ געשריי, אַ ליאַרם, דאָס דער מענש האָט זיך פאַר'סמ'ט, דער וואָס האָט אַראָפּגעשלונגען דעם סם. דער אַראָפּשלינגער הויבט אָן צו שרייען, אַז אַ פייער ברענט איהם אין מאָגען, און אויב מען באַ־וויזט נישט גלייך אויסצופּאָמפּען דעם סם פון מאָגען ווערט דער מענש פאַרברענט. אויך אויף דעם קען מען פרעגען: מיט וואָס איז אַנדערש דער פודער פון דעם פודער? דאַכט זיך, זיי זענען דאָך אַזוי ענליך מיט אַלע איינצעלהייטען און פּינקטליכקייטען.ביידע זענען ווייס אָדער רויט, ביידע דינלעך אָדער גרעבליך, זיס אָדער ביטער, ביידע גלייך אין וואָג, גרינג, אָדער שווער. מיט איין וואָרט, קיין שום אונטערשיד און ענ־דערונג צווישען זיי, אויב אַזוי קען מען דאָך פרעגען, פאַרוואָס איינער היילט, מאַכט געזונד און דער צוויי־טער טוידט ר"ל? נאָר אין אמת'ן איז די פראַגע קיין פראַגע נישט. אמת, מיר זעהען מיט אונזערע אויגען, אַז די ביידע פודערס (סמים) זענען ענליך צו זיך מיט אַלע איינצעלהייטען, דאָס איז נאָר אין די אויגען פון איינפאַכע מענשען, וועלכע האָבען נישט געלערענט קיין כעמיע. אָבער דער געלעהרטער אין דער חכמה פון כעמיע נעהמט די ביידע געגענשטאַנדען אין דער לאַבאָראַטאָריום, אַנאַליזירט זיי און ווייזט דעם אונ־טערשיד צווישען זיי. אין איינעם געפינט ער הייל־שטאָף. אינ'ם צווייטען געפינט ער באַהאַלטען פייער אין זיך, און ווען עס קומט אין קאָנטאַקט מיט אַ ברע־נענדען מאַטעריאַל צופלאַקערט זיך דער פאַרבאַהאַל־

טענער פייער און עס ברעכט אוים א גרויסע שרפה. צום ביישפיעל, עס איז באוואוסט, אז וואסער לעשט פייער. איז דער אומוויסענדער מענש וויים נישט, אז דאס איז א געטליכער סוד (סיקרעט) אין דער נאטור, דאס אין וואסער געפינט זיך א באהאלטענער כח, וועלכער קעמפט מיט'ן פייער, איהם צו פארלעשען. דער אומוויסענדער מיינט, אז יעדע פליסענדע זאך, וואס זיין אויסזעהן איז ווי וואסער, פארלעשט דעם פייער. איז ווען אזא מענש זעהט א שרפה און וויל איהר איינלעשען, וועט ער נישט אונטערשיידען צווישען איין פליסיגקייט ביז דער צווייטער, און ווען עס געפינט זיך ביי איהם גאזאלין, וועט ער דאס אויך גיסען אויפ'ן פייער, איהם צו פארלעשען. דעם נוץ, וואס ער ברענגט מיט אזא לעשען איז דאך באוואוסט. ער האט נאך דערמיט פארגרעסערט די שרפה, ווייל אין דעם גאזאלין געפינט זיך נישט דער באהאלטענער כח, וואס אין וואסער, צו קענען לעשען פייער, נאר פארקערט, אין דעם גאזאלין איז באהאלטען א ברענענדער פייער, אבוואהל מיט זיין אויסזעהן איז ער עהנליך צו וואסער און אבוואהל דער גאזאלין איז אין טאפ קאלט. אבער אין דער ריכטיגקייט איז דער פליסיגער געגענשטאנד דעם פייער'ס א ברודער. אזוי איז ער זיך שטיל ווי וואסער, אבער ווען ער דערזעהט זיין ברודער, וועלכער רופט זיך פייער, דאן כאפען זיי זיך ארום, ווי געטרייע ברידער און צופלאמען זיך. אזוי איז דער סם המות-דיגער פודער אויך שטיל און רוהיג, לויט זיין אוים-

זעהן און צייטענווייז אויך אין זיין געשמאַק, אָבער דאָס איז נאָר, ווען ער קומט נישט אין קאָנטאַקט מיט אַ ברענענדען עלעמענט. נאָר גאָר אַנדערש איז, ווען ער קומט אַריין אינעווייניג, אין דעם מענשען. ער טרעפט זיך מיט די שטאָפען, וועלכע געפינען זיך אין דעם מענשען, דאַן דערהיצט זיך דער פּודער און עס צו־פלאַקערט זיך אַ פייער אין דעם מענשען, און דער מענש ברענט חס ושלום.

**אַזוי איז אויך** די פראַגע וועגען תרומה. עס איז נאָר אַ פראַגע פאַר איינפאַכע מענשען, אומווי־סענדע אין דער הימעלשער כעמיע. אָבער ווען מיר וואָלטען געלערענט די חכמה און מיר וואָלטען געהאַט אין אונזערע הענד די פּרוב-אינסטרומענטען פון דער הימעלשער כעמיע, וואָלטען מיר זיכער געוואוסט קלאָר, פאַרוואָס תרומה ברענט דעם מענשען, וועלכען עס איז נישט ערלויבט עס צו עסען, און מיר וואָלטען אויך געוואוסט פאַרוואָס קומט דעם, וועלכער עסט חמץ אום פּסח — כרת, און מיר וואָלטען נישט געדאַרפט זאָגען, אַז דער כרת איז די שטראָף אויף די זינד, נאָר מיר וואָלטען פאַרשטאַנען די זאַך, אַזוי ווי מיר פאַרשטעהען, פאַרוואָס דער, וועלכער נעמט איין סם המות פּודער, שטאַרבט פון דעם סם, אַז דער טויט וואָס קומט צוליעב דעם סם המות פּודער איז נישט אַלס שטראָף אויף דער זינד, נאָר גאָר איינפאַך, צוליעב דעם געזעץ פון דער נאַטור, אַז דער פּודער סם המות טויט דעם מענשען. און

דאָס זעלבע קען מען אויך פאַרשטעהן, פאַרוואָס אַלע פעלקער עסען נבלות און טרפות און נאָך זאַכען, וואָס ביי אונז איז דאָס אומריין, און עס ווערט זיי נישט גע־רעכענט אַלס פאַרברעכען און זינד, און ווען דער איד עסט חס ושלום די דערמאָהנטע זאַכען — דאַן הייסט ער אַ פאַרברעכער, ער האָט מיט דעם פאַראומרייניגט זיין נפש. אַזוי ווי אונזערע חכמים זכרונם לברכה זאָגען אויפ'ן פסוק: „לא תטמאו את נפשותיכם" — „לא תטמאו שמטמטמים את הלב", מאַכט פאַרנידע־ריגט די געפיהלען פון הארץ. דאָס איז אַזוי איינפאַך, אַזוי ווי מיר האָבען ערקלערט, דאָס הייסט, ווען מיר וואָלטען געוואוסט די חכמה פון דער הימעלשער כע־מיע און ווען מיר וואָלטען געקענט פרובען מיט די אינסטרומענטען פון דער הימעלשער כעמיע, די אידי־שע נשמה, וועלכע איז געווען ביים באַרג סיני מקבל זיין די תורת ה', די נשמה, וועלכע איז די אָפּשטאַמונג פון די הייליגע אבות, און ווען מיר וואָלטען געקענט אַנאַליזירען אין דער הימעלשער לאַבאַראַטאָריום די אומריינע זאַכען, וועלכע די תורה האָט אונז פאַרבאָ־טען, וואָלטען מיר דאַן אויף קלאָר געוואוסט, אַז די אַלע זאַכען שאַדען דער אידישער נשמה, מעהר ווי עס שאַדט דער סם המות פודער דעם מענשענס קערפּער. וואָס לערנען מיר פון דעם אַלעם? אַז איין חלק, וועלכער בעסערט אוים דעם צווייטען איז ווערט, ער זאָל זיין קודש. מיט דעם קענען מיר פאַרשטעהן די גרויסע ווערדע פון אונזערע געזעלשאַפטליכע טהוער.

**מיר האָבען** געלעזען אין די אייראָפּייאישע צייטונ־
גען אַ קאָרעספּאָנדענציע מיט קידוש לבנה
אותיות, אַז די אידען אין אַמעריקא פיהרען אַ גרויסען
קאַמפּיין לטובת דעם קרן היסוד. די צייטונגען דער־
צעהלען וועגען דער איבערגעגעבענהייט פון די אידען
אין די פאַראייניגטע שטאַטען צו אונזער הייליגער
לאַנד. מיט איינגע וואָכען נאָך דעם, לעזען מיר ווי־
דער א באקאנטמאכונג אין די צייטונגען אז אין איניגע
טעג אַרום וואַרפען זיך אַריין די אידען אין די פאַראיי־
ניגטע שטאַטען צו פיהרען אַ גרויסע אַגיטאַציע פאַר
דעם גונסטען פון אונזערע הונגעריגע ברידער אין די
לענדער, וואו זיי ליידען. אויך אין דער דאָזיגער באַ־
קאַנטמאַכונג דערצעהלט מען אונז די גוטסקייט און
גרויסע רחמנות, וואָס די אידען אין די פאַראייניגטע
שטאַטען ווייזען אַרוים צו אונזערע געדריקטע ברידער.
עס איז אַריבער אַ קורצע צייט און ווידער לייענען מיר
אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז אונזערע ברידער אין די פאַראיי־
ניגטע שטאַטען האָבען אַרויסגעלאָזט אַנ׳אויפרוף אין
דעם גאַנצען לאַנד אום צו דערוועקען די אידען אין
אַמעריקע, זיי זאָלען אָפּגעבען כבוד דער תורה און
מיטהעלפען צו דער גרויסער אַגיטאַציע, וואָס ווערט
געפיהרט צום גונסטען פון די ישיבות אין ארץ ישראל
און חוץ לארץ. אַזוי געהט איין אַגיטאַציע נאָך דער אַנ־
דערער און די אגיטאַציעס ב״ה האָבען געגעבען פרוכט.
די וואוילטעהטיגקייט פון אונזערע ברידער אין די פאַר־
אייניגטע שטאַטען איז איבערנאַטירליך. עס איז ניש־

טאָ איין אידישער פאָלקס-אַנשטאַלט אין אַלע עקען פון דער וועלט, וואָס אונזערע ברידער פון די פאַראייניג-טע שטאַטען זאָלען איהם נישט שטיצען. און די אַלע וואונדערליכע זאַכען וועגען זייער וואוילטעהטיגקייט, וואָס מיר לייענען אין די צייטונגען, זענען ווירקליך אמת. זייער הארץ איז ברייט און זייער האַנד איז אָפען פאַר דער נויט פון זייערע ברידער אין דער גאַנצער וועלט. נאָר מיט איין זאַך זענען זיך טועה די לעזער פון די באַקאַנטמאַכונגען, אַזוי ווי מיר וועלען בעזר השם ערקלערען:

## ווער איז דאָס דער כלל ישראל

**ווען מען לייענט** אין די צייטונגען פון דער גאַצער וועלט וועגען די גרויסקייט פון דער ווערדע פונ'ם כלל ישראל אין די פאַראייניגטע שטאַטען, וועגען זייער ליבע און איבערגעגעבענהייט צו דעם גוטס און וואוילטהאַט אויף אַלע געביטען: אין עקאָנאָמישע, רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פראַגען, פון אונזערע ברי-דער אין ארץ ישראל און פון די איבעריגע לענדער, לויבען און ריהמען דעם כלל ישראל פון די פאַראייניג-טע שטאַטען פאַר די גוטס, וואָס זיי טהוען מיט זייערע געדריקטע ברידער, — ווען מען לייענט דאָס אַלעס, איז קיין שום ספק נישטאָ ביי אַלע אידען פון דער גאַנ-

צער וועלט, אַז דער גאַנצער כלל ישראל פון די פאַר־
אייניגטע שטאַטען איז דורכאוים גוט און אַרבייט פאַר
די אַלע ענינים, וועלכע מיר האָבען דערמאָנט. אונזערע
ברידער אין איירָאָפּא מיינען, אַז אונזערע ברידער אין
די פאַראייניגטע שטאַטען זענען שטענדיג נאָר פאַר־
נומען מיט אַגיטאַציעס, אַז זיי פאַרברענגען נישט,
חלילה, זייער צייט אין קיין פאַרוויילונגס־פּלעצער, נאָר
האָבען שטענדיג אונז אין זינען. און מען מאַכט דעם
חשבון אַזוי: אַזוי ווי די פאַראייניגטע שטאַטען איז
דאָך אַ לאַנד, וואו גאָלד וואַלגערט זיך אין די גאַסען,
און אונזערע ברידער האָבען, ברוך השם, דאָרט גע־
מאַכט גרויסע פאַרמעגענס, און אַלס דאַנק צו ג־ט פאַר
דעם גוטס, וואָס ער האָט זיי געטהאָן, האָבען זיי
אָוועקגעוואָרפען אַלע זייערע מאַטעריעלישע אינטע־
רעסען, ווייל זיי האָבען דאָך ב"ה פון וואָס צו לעבען.
קיין פּרנסה פעהלט זיי נישט ב"ה, האָבען זיי זיך אי־
בערגעגעבען מיט לייב און לעבען צו גייסטיגע ענינים.
און דעם גאַנצען טאָג מיט אַ צוגאָב פון דער נאַכט לוי־
פען זיי אַרום פון איין פאַרזאַמלונג צו דער צווייטער
פאַרזאַמלונג. פון אַ קרן היסוד פאַרזאַמלונג צו אַ הא־
יאָס פאַרזאַמלונג, פון דאָרט צו אַ ישיבות מיטינג. מיט
איין וואָרט: אַלע אידען פון די פאַראייניגטע שטאַטען
זענען שטענדיג פאַרנומען מיט פאַרזאַמלונגען און אַגי־
טאַציעס, פאָהרען אַרום פון איין פאַרזאַמלונג צו דער
צווייטער אום צו העלפען אונזערע ברידער פון ארץ
ישראל און פון איירָאָפּא. אַזוי טראַכטען אונזערע ברי־

דער פון דער גאַנצער וועלט וועגען די אידען פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

**אָבער איהר** מיינע ברידער, געזעלשאפטליכע טהוער, פאָלקס-פיהרער, איהר ווייסט דאָך דעם אמת, אַז נישט דער גאַנצער כלל ישראל אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אמעריקא איז פאַרנומען טאָג און נאַכט מיט געזעלשאפטליכע ענינים. אין דער ווירקליכקייט איז דאָס גאָר אנדערש. זיי פאַראינטערעסירען זיך איינגאַנצען נישט מיט דעם און דאָס וואָס זיי לויפען אזוי טאָג און נאַכט צו פוס, אָדער מיט אויטאָמאָבילען, איז דאָס נישט פון געזעלשאפטליכע פאַרזאמלונגען, אָדער צו געזעלשאפטליכע פאַרזאַמלונגען. נאָר איינפאַך, דאָס לויפען זיי גאָר צו זייערע פריוואטע געשעפטען, צו די פארוויילונגס פלעצער, אָדער גאָר צו זעהן אַן אטלעטען קאמף. און דאָס וואָס מיר זעהען ביי יעדער פאַרזאַמלונג וואָס מיר האָבען דערמאָנט, אַז עס געפינען זיך דאָרטען שעהנע בכבוד'יגע בעלי-בתים, קאָן מען דאָס ערקלערען מיט אַ משל: מען דערצעהלט וועגען אַ לאַנד, וואָס פיהרער פון אַ צווייטער לאַנד זיינען געקומען אַהין אויף אַ באַזוך, וועלכע דיג ארויפוואַרפען אַ שרעק אויף די געסט, האָט מען זיי געפיהרט ווייזען זייערע גרויסע און מעכטיגע אַרמייען. מען האָט געמאַכט מיט זיי אַ שפּאציר איבער דער רעזידענצשטאָדט און אַלע ערטער וואו עס געפינט זיך דאָס מיליטער. אין איין אָרט האָט מען זיי

געוויזען די פולקען פוסגעהער אָנגעטאָן אין בלויע מונ־
דירען מיט ביקסען אויף זייערע ארעמס, שווערדען
אויף זייערע זייטען; אויף אַן אַנדער אָרט האָט מען
זיי געוויזען די ארטילעריע מיט פאַרשידענע סאָרטען
האַרמאטען, אָנגעטאָן אין רויטע מונדירען. און אזוי
האָבען זיי די געסט געוויזען נאָך פאַרשידענע סאָרטען
מיליטער אויף פאַרשידענע פלעצער. די באַזוכער האָ־
בען זיך געשראָקען אין הארצען, זעהענדיג די גרויסע
מחנות מיליטער. נאָר איינער פון די באַזוכער, וועל־
כער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו די מחנות מיליטער,
האָט ער ערקלערט זיינע חברים, אַז זייער שרעק איז
אַ אומזיסטער, ווייל ער האָט דערקענט, אַז די אלע
מחנות מיליטער וואָס מען האָט זיי געוויזען איז גע־
ווען נאָר איין מחנה, נאָר מען האָט זיי יעדעס מאָל
געביטען זייערע מונדירען און זייערע געווער.

**אזוי איז אויך** מיט די כלל טהוער אין די פאַראייניג־
טע שטאַאטען. מיר זעהען טאַקע אַסאַך פאַר־
שידענע פאַרזאַמלונגען: ציוניסטישע, מזרחי'סטישע,
און פון תורה שטיצער און אז. וו. די אלע טהעטיגע
מענשען זעהען מיר אין אַ באַדייטענדען צאָהל. אָבער
ווען מיר קוקען זיך גוט צו ביי די אלע פאַרזאַמלונגען
צו די געזיכטער פון די פאַרזאַמעלטע, זעהען מיר, אַז
אלע האָבען זיי איין פנים. די זעלבע, וועלכע זיינען
געווען זונטאג אויף אַ ציוניסטישע פאַרזאמלונג, האָבען
מיר זיי געזעהן מאָנטאג אויף אַן עמיגראציע פאַרזאַמ־

לונג, אום דינסטאג אויף אַ מזרחים פאַרזאַמלונג און מיטוואָך אויף אַ פאַרזאַמלונג פון ישיבות אונטערשטי-צונג, און אזוי ווייטער. אויף אַלע פאַרזאַמלונגען זיינען געוועזן די זעלבע מענשען באַוואוסט מיט זייער גוט-הארציקייט און איבערגעבענהייט צום כלל ישראל. דאָס זיינען די מענשען, וועלכע מען געפינט זיי יעדע נאַכט אויף די אסיפות, נאָר ביי יעדע פאַרזאַמלונג ווערען זייערע נעמען פאַרביטען. אויף איין פאַרזאַמ-לונג ווערען זיי גערופען מזרחים, אויף דער צווייטער מיטגלידער פון וועד הישיבות, אויף דער דריטער מיט-גלידער פון „האיאס", און דאָס וואָס מ'לייענט אין די צייטונגען, אַז דער גאַנצער כלל ישראל אין די פאַר-אייניגטע שטאַאַטען איז פאַרנומען מיט אגיטאציעס און קאמפיינען לטובת דעם כלל ישראל, קאָן מען זאָגען אויף דעם, ווי מען דערצעהלט וועגען אַ ישיבה בחור, וועלכער האָט געלערנט האָט ער געפונען אין מהר"ם אַ קשיא מיט'ן נוסח: „מקשים העולם" (די וועלט פרעגט.) דער ישיבה בחור האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער קשיא אַ גאַנצע נאַכט, ווי ער וואָלט מיטגע-פיהלט דעם צער פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע פרעגט די קשיא און וועלכע שלאָפען נעבעך אַ ודאי אויך נישט די גאַנצע נאַכט אזוי ווי ער. ער האָט זיך אזוי לאַנג געמאַטערט מיט דער קשיא, ביז ער האָט ענדליך געפונען דעם תירוץ. ער איז פול געוואָרען מיט שמחה. זיין פנים האָט אויפגלויכטען וואָס עס איז איהם געלונגען צו ראטעווען די וועלט, וועלכע איז

אומרוהיג צוליב דער פראגע וואָס אַרט זיי. און ארוים־צונעמען דעם עולם פון דעם עגמת־נפש פון דער קשיא, איז ווי עס איז נאָר טאָג געוואָרען, איז ער געלאָפען מיט אַ שמחה אויף אלע גאַסען און מערק אָנצוזאָגען דער וועלט די גוטע בשורה, אַז ער האָט ענדליך מיט ג־ט׳ס הילף געפונען אַ תירוץ אויף דער קשיא וואָס זיי אַרט. ער איז גקומען אויפ׳ן פיש מאַרק, זיך ארומגע־דרעהט צווישען די פישערס צו הערען וואָס זיי רע־דען צווישען זיך און ווי זיי זיינען זיך מתווכח וועגען דער קשיא. אמת, די פישערס האָבען טאַקע אונטער־האַנדעלט צווישען זיך. זיי האָבען געשריגען, זיך גע־קריגט איינער מיט׳ן אנדערען, אָבער אפילו איין וואָרט נישט דערמאָנט וועגען דער קשיא. איז ער אוועק־געלאָפען צו די יאטקעס אויפ׳ן פלייש מאַרק און אויך דאָרט איז דאָס זעלבע געווען. ס׳איז געווען געשרייען, אָבער נישט פון דער קשיא. איז ער געלאָפען פון איין מאַרק צום צווייטען צו זוכען די וועלט וועלכע פרעגט, אָבער ער האָט זי נישט געפונען. ביז עס האָט איהם געטראָפען אויפ׳ן וועג אַ תלמיד חכם און ער האָט איהם ערקלערט דעם גאַנצען ענין, אַז דער מהר״ם האָט נישט געמיינט די פישערס, די קצבים, פורמאנס, און נישט די קרעמערס. נאָר עס געפינט זיך אויף דער וועלט אַן אנדער וועלט, וועלכע רופט זיך די לומד׳ישע וועלט, וועלכע זיינען זיך מתעסק אין דער תורה, זיי האָט דער מהר״ם זכרונו לברכה געמיינט. צו זיי, געה מיט דעם תירוץ.

אזוי איז אויך מיט אונזער הינזיכט. דאָס וואָס עס ווערט געשריבען אין די צייטונגען, אז דער כלל ישראל אין די פאַראייניגטע שטאַאטען איז שטענ־דיג פאַרנומען מיט אגיטאציעס פאַר די ענינים פון כלל ישראל, דער דאָזיגער אמעריקאנער כלל ישראל, איז נישט דער וועלכער געפינט זיך אין פאַרוויילונגס ערטער, טעאַטערען, אויפ'ן פוטבאָל פלאַץ און אַרום די קארטען טישלעך. נאָר עס געפינט זיך גאָר אַ מין אנ־דער כלל ישראל, אַ קליינע צאָהל וויכטיגע אָרענט־ליכע און ערהאבענע מענשען. און דעם גאַנצען הלל וואָס מען זאָגט אין דער גאַנצער וועלט-לכבוד דעם כלל ישראל פון די פאַראייניגטע שטאַאטען, איז נאָר פאַר די דאָזיגע טייערע מענשען, פאַר דעם קליינעם צאָהל כלל טהוער, וועלכע זיינען די ערשטע און די לעצטע ביי יעדען הייליגען ענין. אויף יעדען אָרט און צו יעדער צייט זעהט מען זייערע ליבע, זיסע געזיכ־טער. דאָס זיינען די „מזרחים", די בעלי „קרן היסוד" ; דאָס זיינען די, וועלכע שטיצען און ארבייטען פאַר די ישיבות און דאָס זיינען די, וועלכע גיבען און ארבייטען לטובת די אימיגראנטען און אז. וו. און ווען נישט אָט די קליינע צאָהל טייערע מענשען, מיט וואָס פאַר אַ נאָ־מען וואָלט מען גערופען דער אידישער געזעלשאפט פון די פאַראייניגטע שטאַאטען ? געווים וואָלט מען זיי גע־רופען מיט דעם נאָמען „טבל", צו אַ זאַך וואָס איז נישט נוצבאַר וואָלטען מיר זיי פאַרגליכען.

**דער אידישער** היסטאָריקער, ווען ער וואָלט צוגע־קומען צו דער היסטאָריע פון די אידען אין די פאראייניגטע שטאאַטען, וואָלט איבערגעלאָזט אַ ליידיגע בלאַט. אָבער ווען מיר האָבען זוכה געווען צו אַזעלכע וויכטיגע מענשען, דאָס איז די „תרומה" פון דער געזעלשאפט. די, וועלכע האָבען פאראור־זאַכט דאָס איבערבייטען דעם נאָמען פון דעם אמערי־קאנער צבור, וועלכע זיי וואָלטען געקאָנט גערופען ווערען חס ושלום מיט דעם נאָמען „טבל", אויף דעם שעהנעם נאָמען „מתוקן" (איינגעאָרדענט), זיי, די נכבדים, זיי זיינען די מתקנים, די אויסבעסערער פון דעם כלל ישראל אין די פאראייניגטע שטאאַטען. זיי זיינען דער לעבעדיגער ראָד פון דער אידישער מאַשין. אויף זיי האַלטען זיך אויף אונזערע ברידער אין די פאראייניגטע שטאאַטען; זיי קערען אום צו זיי די אידישע נשמות אין זייערע קערפערם; זיי בלאָזען אריין אַ לעבעדיגען גייסט אין די טרוקענע ביינער — ממש תחית המתים שאַפען זיי. „קודש ישראל לה' כל אוכליו יאשמו" (הייליג איז ישראל צו ג־ט, ווער עס ועט זיי שלעכטם טאָן וועט באַשולדיגט ווערען). ברכה והצלחה בכל מעשי ידיהם.

# אַ מענש טהוט אמאָל אַ מצוה און זינדיגט גאָר דערמיט

**אין מסכת ברכות,** דף ח׳: „ואמר ר׳ חייא בר אמי משמיה דעולא: גדול הנהנה מיגיע כפיו מירא שמים, דאילו גבי ירא שמים כתיב אשרי איש ירא ה׳ ואילו גבי נהנה מיגיע כפיו כתיב יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך״. (ר׳ חייא אין נאָמען פון עולא האָט געזאָגט: דער וואָס געניסט נאָר פון דעם וואָס זיינע אייגענע הענט האָבען אויסגעארבייט, שטעהט העכער פון אַ ג־טספאָרכטיגען. דען ביי אַ ג־טספאָרכטיגען שטעהט געשריבען גליקליך איז דער מענש, וועלכער איז ג־טספאָרכטיגער, און ביי דעם וואָס געניסט פון דעם וואָס זיינע הענט האָבען אויס־געארבייט שטעהט געשריבען: ווען דו וועסט עסען פון דער האָראָוואַניע פון דיינע הענט וועסטו גליקליך זיין און עס וועט דיר גוט זיין.) די רייד פון ר׳ חייא בר אמי דאַרף מען פאַרשטעהן. דען דער וואָס געניסט נאָר פון דעם וואָס זיינע אייגענע הענט האָבען אויס־געארבייט איז דאָך אויך אַ ירא שמים, ווארום ווען ער וואָלט נישט געווען קיין ירא שמים וואָלט מען דאָך נישט געזאָגט אויף איהם „אשרי״ (דאָס ער איז גליקליך). אויב אזוי וואָס לאָזט ער אונז דאָ הערען, אַז אַ נהנה מיגיע כפיו איז גרעסער פון אַ ירא שמים.

דאָס איז דאָך אַ געוויסע זאַך, ווייל ביי איהם איז דאָך דאָ ביידע זאַכען?

**איך האָב געזעהן** אין דעם ספר פון דעם גאון ר' צבי הירש קאַלישער זצ"ל, וועלכער ערקלערט עס אויף דעם פאָלגענדען אופן: אז ער האָט מורא צוליב יראת שמים, וואָס איז אין איהם, ער זאָל ניט צונעמען צייט פון זיין אַרבייטען אין יראת שמים, דעריבער פאַרנעמט ער זיך ניט מיט יגיעת כפיו, ער אַרבעט נישט קיין מלאכה צו פאַרדינען אויף זיין לעבענס באַדערפעניש, איז ער דער מענש נישט אזוי גרוים ווי דער מענש וואָס נעמט זיך אביסעל צייט פון זיין יראת שמים און אַרבייט אַ מלאכה צו קאָנען עסען פון זיין אַרבייט.

**מיין מיינונג** אין דעם איז: אפשר איז ר' חייא בר אמי אויסען געווען, דאָס וואָס שמואל זאָגט אין מסכת תענית, דף י"א: „כל היושב בתענית נקרא חוטא דסבר כרבי אלעזר הקפר ברבי שאמר מה תלמוד לומר: „וכפר עליו מאשר חטא על הנפש" וכו'. באיזו נפש חטא? אלא שצער עצמו מן היין". (דער וועלכער פאַסט תעניתים ווערט גערופען חוטא (זינדיגער), ווייל ער האַלט ווי רבי אלעזר הקפר ברבי, וועלכער זאָגט, אויף דאָס וואָס אין דער תורה איז געשריבען: „און ער זאָל פאַרגעבען אויף איהם וועלכעס ער האָט געזינדיגט מיט דעם נפש". פרעגט זיך, מיט וואָס פאַר אַ נפש האָט ער דאָס געזינדיגט? נאָר דאָס מיינט, אַז ער האָט זיך אָנגעטאָן צער פון דעם וואָס ער האָט זיך

אָפּגעהאַלטען פון צו טרינקען וויין). דאָרט אין תוספות „אמר שמואל", ווערט געפרעגט אַ קשיא פון מסכת בבא קמא, דף י"א, וועלכע די גמרא זאָגט דאָרט: יעדען מנשען איז ערלויבט זיך אליין צו ביילען, אָבער אויב אנדערע ביילען איהם זיינען זיי חייב. און עס ווערט דאָרט ערקלערט דורך שמואל'ן, אַז דאָס וואָס מען זאָגט, אַז מען קען זיך אַליין ביילען, מיינט מען ביילען דעם קערפּער דורך פּייניגען זיך דורך פאַסטען. זעהט מען דאָך, אַז שמואל'ס מיינונג איז אַז פאַסטען מעג מען, טו ווי אזוי רופט ער דאָ אין תענית דעם וואָס פאַסט תעניתים אַ זינדיגער? ענטפערט תוספות: ער איז טאַקע אַ זינדיגער מיט דעם פאַסטען, אָבער ס'איז דאָך אַ מצוה אויך אין דעם דאָ, ווייל ס'איז אַ מצוה אַ נדר צו טאָן. אזוי ווי מיר זאָגען, דער וועלכער זעהט אַ סוטה (אַ פרוי וואָס האָט פאַררעטען איהר מאַן), ביי איהר אונמאָראַלישקייט, דאַרף זיך אָפּ־זאָגען פון וויין. לויט דעם תוספות קומט אויס, אַז דער וועלכער פאַסט טהוט אי א מצוה, אי אַן עבירה, — נאָר די מצוה איז גרעסער פון דער עבירה. קאָן מען זאָגען, אַז ר' חייא בר אמי איז אויסען געוועזן מיט זיין מאמר צו קריגען אויף דעם און האַלט, אַז דער וועלכער גע־ניסט נאָר פון דעם וואָס זיינע אייגענע הענט האָבען אויסגעארבייט שטעהט העכער פון דעם ירא שמים. דאָס הייסט פון אַזאַ ירא שמים וואָס צוליב זיין מורא זיצט ער און פאַסט און איז זיך מצער, און נישט אזוי ווי שמואל לויט'ן פשט פון תוספות, וועלכער האַלט אַז

די מצוה פון פאסטען וועגט איבער די עבירה פון זיך מצער זיין. נאר ר׳ חייא האלט, אז די עבירה פון זיך אליין מצער זיין וועגט איבער די מצוה וועלכע איז דא אין פאסטען, זאל ער בעסער נישט טאן די מצוה, וועל־כע איז דא אין פאסטען און ער זאל נישט טאן די עבירה פון מצער זיין זיך.

**אזוי ארום** ווערט אונז ערקלערט די גמרא אין ברכות דף ד׳, וואס ווערט דארט געבראכט: „לדוד שמרה נפשי כי חסיד אני״. (היט מיך, ווייל כ׳בין א חסיד). קריגען אין דעם ר׳ לוי און ר׳ יצחק. איינער זאגט, אז אזוי האט דוד געזאגט צו ג־ט: רבש״ע, צי דען בין איך נישט קיין חסיד? אלע מלכים פון מזרח און מערב שלאפען ביז דריי שעה אויפ׳ן טאג און איך: „חצות לילה אקום להודות לך״ (אום האלבע נאכט שטעה איך אויף דיך צו דאנקען). און דער צווייטער זאגט: אזוי האט דוד געזאגט צו ג־ט: רבונו של עולם, בין איך דען נישט קיין חסיד? אלע מלכים פון מזרח און מערב זיצען זיך בכבוד צווישען געזעלשאפ־טען, און איך: מיינע הענט זיינען שטענדיג פאר־שמוצט האלטענדיג פארשידענע זאכען וואס מען קומט פרעגען אויף זיי שאלות. ווי עס ווייזט אוים איז זיי שווער געווען צו פארשטעהן ווי אזוי האט זיך דוד באריהמט אנרופענדיג זיך אליין מיט׳ן נאמען „חסיד?״ דער גרויסער עניו, וועלכער האט געזאגט אויף זיך „ואנכי תולעת ולא איש״ (איך בין א ווארים נישט קיין

מענש), זאָל ער זיך פּלוצלונג אליין אָנרופען מיט'ן נאָמען חסיד, וועלכער איז דער העכסטער טיטול. אויך פרעגט זיך, וואָס איז געווען זיין חסידות? דער ערש־טער זאָגט, אַז ער שטעהט אויף אום האַלבע נאַכט צו דאַנקען ג־ט, און דעם צווייטען געפעלט נישט דעם ערשטענס ערקלערונג, ווייל ער איז נישט גענוג אויף צו פאַרענטפערען די פראגע: ווי אזוי האָט דוד המלך זיך אליין אָנגערופען חסיד. דען זיין ערקלערונג ווייזט אונז נאָר, אַז ער איז געווען אַ חסיד, אָבער עס איז נים פאַרענטפערט וואָס ער האָט אויף זיך אליין גע־זאָגט אַזאַ גרויסען טיטול. ווי אזוי האָט ער זיך באַ־נוצט מיט דער מדה פון גאוה, וועלכע די תורה און די נביאים פאַראַכטען זי. די זינד פון גאוה איז דאָך זעהר גרויס, לויט די חז"ל, אַז זיי האָבען געזאָגט אין מסכת סוטה דף ד': „כל אדם שיש בו גסות הרוח כעובד עבודה זרה". (דער מענש וועלכער האָט אין זיך גאוה איז אזוי ווי ער וואָלט געווען אַ געצענדינער) און ברענ־גען אויך באַווייזען פון פסוקים. צוליב דעם האָט זיך דער צווייטער זיך נישט צופרידען געשטעלט מיט דעם תירוץ פון דעם ערשטען און פאַרענטפערט דעריבער, אַז אזוי האָט דוד געזאָגט צו ג־ט: „רבונו של עולם לא חסיד אני שכל מלכי עולם מזרח ומערב וכו'". דאָס מיינט צו זאָגען, אַז דוד'ס כוונה איז געווען פאַל־גענדעס: פאַרקערט. ער האָט זיך באַקלאָגט אויף דעם וואָס ער איז אַ חסיד און בעט ביי ג־ט ער זאָל איהם

מוחל זיין אויף דעם וואָס ער איז אַ חסיד און פיהרט זיך נישט ווי אַ מלך דאַרף זיך פיהרען.

**לויט ווי מיר האָבען ערקלערט** אין אונזער מאמר, אַז אַ מענש וועלכער פאַסט תעניתים איז אין דעם דאָ צוויי זייטען: פון איין זייט איז דאָס אַ מצוה, און פון דער צווייטער זייט איז דאָס אַן עבירה. די מצוה איז, וואָס ער וויל מאַכען הייליג זיין קערפּער דורכ'ן פאַסטען, און די עבירה איז, וואָס ער פּייניגט זיין קערפּער. שמואל'ס מיינונג איז, אַז די מצוה וועלכע איז דאָ אין דער זאַך וועגט איבער די עבירה. אָבער ר' חייא בר אבא האָט אַן אַנדער מיינונג. ער זאָגט, אַז די עבירה וועלכע איז דאָ אין דעם, דאָס וואָס ער פאַסט, וועגט איבער די מצוה וואָס ער וויל דורכדעם ווערען הייליג און עס איז גלייכער אַז ער זאָל זיך נישט פּייניגען און ער זאָל נישט עובר זיין אויף דעם איסור פון דעם וואָס ער איז זיך מצער. זעהען מיר, אַלזאָ, אַז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע סאָרטען מצוות וועלכע זיינען צונויפגעמישט מיט עבירות.

**אַזעלכעס געפינען** מיר אין דער גמרא ברכות דף ל"א: „ואמר רבי אליעזר משום רבי יוסי בן זמרא כל היושב בתענית בשבת קורעים עליו גזר דינו של שבעים שנה ואף על פי כן חוזרין ונפרעים ממנו דין עונג שבת". (רבי אליעזר אין נאָמען פון רבי יוסי בן

זמרא זאָגט, ווער עס פאַסט אום שבת צורייסט מען זיין גזר דין פון מיט זיבציג יאָהר צוריק, און פון דעסט־וועגען ווערט ער באַשטראָפט פאַר׳ן עובר זיין אויפ׳ן דין פון עונג שבת). אויך פון דעם זעהען מיר אויס־דריקליך, אַז אין איין זאַך קאָן זיין אַ מצוה און אַן עבירה צוזאַמען און אַז ער באַקומט גלייכצייטיג שכר פאַר דער מצוה און אויך אַ שטראָף פאַר דער עבירה. מיר געפינען אַסאַך זאַכען, וועלכע אויפ׳ן קוק דאכט זיך, אַז מען טהוט אַ מצוה, אָבער אין דער מצוה איז אריינגעמישט אויך אַן עבירה. צום ביישפיל: אַ חזן, וועלכער האָט זיך פאַרדונגען צו אַ געמיינדע צו זיין איהר שליח צבור צו דאווענען ימים־נוראים פאַר׳ן עמוד, דאַן טאָר דער חזן נישט וואַך זיין די נאַכט פון יום־כפור און זיך פאַרנעמען אַ גאַנצע נאַכט מיט תורה און תפלה אזוי ווי אַנדערע פרומע אידען. אלס פריוואַטער מענש קאָן מען זיך ווינשען, אַז אזעלכע זאָלען זיך מעהרען ביי אידען, אָבער אלס אַ שליח צבור, אַ פאַר־דונגענער צו דער געמיינדע, איז ער „הגוזל את הרבים״ באַרויבט ער דער געמיינדשאַפט מיט דער דאָזיגער פרומקייט זיינע, וואָס ער איז וואַך אַ גאַנצע נאַכט, וורייל נישט שלאָפענדיג אַ גאַנצע נאַכט פיהרט זיך אי־בער די שטימע און ווערט אַלזאָ נישט האָבען קיין אַנ־גענעהמען קול צום דאווענען און דער „מכלכל חיים״ און דער „והכהנים והעם״ וועלען נישט אַרויסקומען, ווי גע־הערינ לויט די אָנגענומענע ניגונים, און דער צבור וויל

דאָך הערען און הנאה האָבען פון די טראַדיציאָנעלע ניגונים.

**און דאָס זעלבע** איז אויך מיט אַ מלמד, וועלכער לע־רענט מיט די קינדער. דער מלמד זעהט ווי די רייכע בעלי בתים פון שטאָדט, וועלכע האָבען אַלע פאַרגעניגענס, עסען פלייש אפילו אין דער וואָכען, און ווען עס קומט ערב ראש חודש אָדער די עשרת ימי תשובה, קענען זיי געניסען פון דעם גייסטיגען פאַר־געניגען צו פאַסטען אַ גאַנצען טאָג און זיך אָנזאָגען מיט א סאך סליחות, און דער מלמד נעבעך, וועלכער האָט קיין מאָל קיין גוטען טאָג נישט פאַרזוכט, נישט קיין ברעקעל פלייש אַ גאַנצע וואָך, אויסער שבת, אַ גאַנצע וואָך קומט ער אָפּ מיט גאַר נישט, פאַרוואָס זאָל ער זיך נישט פאַרגינען דעם איינציגען פאַרגעניגען צו פאַסטען אין די הייליגע טעג, גלייך מיט די בעלי בתים צוזאַמען? פאַרוואָס זאָל ער כאָטש מיט דעם נישט זיין גלייך מיט זיי?

**זאָגט** דער ירושלמי אין מסכת דמאי, פרק ז׳, הלכה ג׳: „מלמד אסור לישב בתענית". (אַ מלמד איז פאַרבאָטען צו פאַסטען). דעם טעם איז אַן איינ־פאַכער, כדי ער זאָל נישט זיין אָפּגעשוואַכט און דורך דעם וועט ער נישט קענען לערנען מיט די קינדער. און נאָך ווערט געבראַכט דאָרטען אין ירושלמי: „אין למלמד להיות ניעור בלילה יותר מדאי", אַ מלמד טאָר

נישט זיין צופיעל וואָך ביי דער נאַכט. אויך צוליעב דעם זעלבען טעם: ער זאָל נישט זיין אָפּגעשוואַכט און נישט קענען לערנען מיט די קינדער. נאָך קען מען ברענגען פיעל ביישפילען פון מצוות, וועלכע זענען צו־נויפגעמישט מיט עברות. למשל, אַ פרוי מעג געבען צדקה נאָר אַ קלייניגקייט, אָדער פון איהר אָפּשפּאָרען פון דער הוצאה. אָבער ווען זי גיט מעהר פון דעם שעור, איז אָבוואָהל זי גיט צדקה, ס׳איז אַ מצוה, אָבער ווען דאָס איז אָהן איהר מאַנ׳ס ערלויבעניש, איז זי עובר אויף "לא תגנוב".

לאָמיר זיך אומקערען צו אונזער ענין. לויט דעם וואָס איך האָב געבראַכט דאָ, אַז פיעל מאָל טרעפט, וואָס מען טהוט מצוות, אָבער זיי זענען נישט קיין מצוות אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט, נאָר עס געפינט זיך אין זיי אויך אַ געוויסער פּראָצענט עבירה. אויף דעם אופן ערקלערט דער צווייטער מאן דאמר דאָרט אין דער גמרא ברכות און זאָגט: אז ניט אַזוי האָט דוד געזאָגט. דאָס הייסט, אַז דוד המלך, עליו השלום, האָט זיך נישט באַריהמט, אַז ער איז אַ חסיד, נאָר אדרבה, ער האָט זיך געשפּיהרט אַלס זינ־דיגער מיט דעם, וואָס ער פיהרט זיך מיט חסידות, און ער קלאָגט זיך: „שמרה נפשי כי חסיד אני" (היט מיין נפש, ווייל איך בי זאַ חסיד), אַלע קעניגען פון מזרח און מערב ערפילען זייער פליכט אַלס קעניגען צו זייער פאָלק לויט דעם כלל: „מלך ביפיו תחזנה עי־

ניך" (אַ מלך מיט זיין שענקייט זאָלען זעהן דיינע אויגען). אין רש"י הוריות, דף ט' ווערט געזאָגט: „ומלך לעולם עשיר" (אַ מלך מוז שטענדיג זיין אַ רייכער). דער כבוד פון מלך, איז דער כבוד פון פאָלק. אויך ווי דער רמב"ם אין הלכות מלכים פרק ב' הלכה ה' זאָגט: „ומתקן עצמו ומתנאה במלבושים נאים ומפוארים". ער דארף זיך צוגרייטען און זיך באפוצען אין שעהנע און טייערע מלבושים. דעריבער קען א מלך נישט מוחל זיין אויף זיין כבוד. און דוד האָט מתפלל געווען, אז ג-ט זאָל איהם מוחל זיין אויף דעם זינד פון חסידות, ווייל אין זיינע חסידות געפינט זיך אויך אן אונרעכט, וואָס ער זינדיגט צו זיין פאָלק, ווייל דורך חסידות קען ער נישט ערפיהלען זיין פליכט אלס מלך.

# דאָס האַלטען זיך קליין
# פאַרקלענערט נישט דעם כבוד פון אַ מענשען

**אויף דוד המלכ׳ס** פיהרונג האָט איהם זיין פרוי מיכל, שאול המלכ׳ס טאָכטער, געשטראָפט (שמואל ב׳ פרק ו׳) : „ומיכל בת שאול נשקפה בעד החלון ותרא את המלך מפזז ומכרכר לפני ה׳ ותבז אותו בלבה״. (און מיכל, די טאָכטער פון שאול האָט געקוקט דורכ׳ן פענסטער און האָט געזעהן, ווי דער מלך טאַנצט און שפרינגט פאַר ג־ט און זי האָט איהם פאַראַכטעט אין איהר האַרץ). און זי האָט צו איהם געזאָגט : „מה נכבד היום, מלך ישראל, אשר נגלה היום לעיני אמהות עבדיו כהגלות נגלות אחד הרקים״. ווי באַעהרט איז געוועזן היינט דער מלך פון ישראל, וועל־כער האָט זיך געוויזען היינט פאַר די אויגען פון זיינע קנעכטס דינסטען, אַזוי ווי עס באַווייזט זיך איינער פון די נידעריגסטע און נישטיגסטע. דערמיט איז זי אויי־סען געוועזן צו זאָגען, אַז ער פיהרט זיך נישט ווי אַ מלך דאַרף זיך פיהרען. און דוד ענטפערט איהר אויף איהר קריטיק, מיט אַ קורצען ענטפער : „לפני ה׳״ א. ז. וו. (פאַר ג־ט), „ונקלותי עוד מזאת והייתי שפל ועם האמהות אשר אמרת עמם אכבדה״. (און איך וועל זיך נאָך מעהר פון דעם גרינגשעצען און זיך מאַכען נידעריג. און מיט די דינסטען, וואָס דו האָסט געזאָגט,

מיט זיי וועל איך זיך באַהרען). דער אויסצוג פון דוד'ס ענטפער איז, אַז דאָס, וואָס עס איז אָנבעלאַנגט צו ג־ט, הערען אויף אַלע מנהגים און כבודים, מיט שטאַט־פיהרונג. און וואָס דיר דוכט זיך, אַז עס איז אַ דערנידעריגונג, זאָג איך דיר פאַרקעהרט: דאָס איז גאָר אַ כבוד פאַר מיר. דוד המלכ'ס סיסטעם איז געווען, אַז די נשמה און דער גייסט רעכענען זיך נישט מיט דער מאָס, וואָג און צאָהל, אָפּצומעסטען און אָפּצוּוועגען, צי די שמחה פון דער תורה, אָדער די ליעבע צום פאָלק שטימען מיט די אָנגענומענע מנהגים, מיט דער עטיקעט. די ריינע און הייליגע הימעלשע נשמה פאַרלאַנגט נישט און זוכט נישט קיין עהרע.

**די חז"ל זאָגען:** „גדולה תורה מן הכהונה ומן המלכות, וכתר תורה עולה על גביהן". (די תורה איז גרעסער פון דער כהונה און פון מלכות, און די קרוין פון דער תורה איז איבער זיי). פאַרקעהרט: די אונטאַקטישקייט אין אַזעלכע ענינים ווייזט אַרויס די איידעלקייט פון דער נשמה. די דאָזיגע ענוה, דאָס קליין האַלטען זיך, פאַרקלענערט נישט דעם שטאַלץ און דעם מאַיעסטעט פון דעם מלך. אַזוי ווי ר' יוחנן האָט געזאָגט אין סוף מסכת מגילה: „כל מקום שאתה מוצא גבורתו של הקדוש ברוך הוא שם אתה מוצא ענוותונותו". אין אונזערע סידורים אין „ויתן לך" איז דער נוסח: „כל מקום שאתה מוצא גדולתו". רבי יוחנן באַמערקט, דאָס אויף יעדען אָרט, וואו מיר געפינען

דערמאָנט ג־ט׳ס גרויסקייט, איז גלייך דערמאָנט זיין ענייוות. רבי יוחנן לערענט אונז מיט דעם, אַז די ריכטיגע גרויסקייט איז, וואו עס איז דערמאָהנט גלייך ענוה אויך.

**ביי אַלע מדות** זענען באַוואוסט די רייד פון אונזערע ראשונים, זכרונם לברכה, און דער רמב״ם

אַן דער שפּיץ, אין די אַכט פּרקים זיינע, פּרק ד׳, וועלכער לערענט אונז דאָרט, אַז דער מענש דאַרף זיך פיהרען אין דעם מיטעלען וועג. מיט די אַלע מדות און ביי די אַלע ענינים דאַרף דער מענש זיך פיהרען, אַזוי ווי ביי דער היילונג פון זיין קערפער, וואָס מען טהוט אַלץ מיטעלמעסיג. נאָר ווען דער קערפער געהט אַרויס פון זיין גלייכגעוויכט, דאַן זעהט מען, אויף וועלכע זייט ער האָט זיך אָראָפּגענייגט, דאַן שטעלען מיר איהם אַנטגעגען זיין קאָנטראַסט, ביז ער קערט זיך אום צוריק צום גלייכגעוויכט, און ווען ער ווערט געענדערט, באַזייטיגען מיר דעם קאָנטראַסט. אַזוי טהוען מיר ביי די מדות, וועלכע זענען עהנליך צו דעם. אַז מיר זעהען אַ מענשען, וועלכער פאַרגינט זיך נישט צו געניסען פון קיין זאַך צוליעב זיין קאַרגשאַפט, צו אַזאַ מענשען זאָגען מיר נישט, אַז ער זאָל זיך צוגעוויינען צו פאַרשווענדונג, וואָס דאָס איז דאָס זעלבע, ווי איינער וואָלט זיך געהיילט, ווען די היץ האָט זיך ביי איהם געשטאַרקט מיט אַ מיטעלמעסיגען גלייכען מיטעל, וואָס דאָס וועט איהם נישט געזונד מאַכען פון זיין

קרענק, נאָר מיר דאַרפען איהם צו ברענגען צו פאַר־
שווענדונג, וועלכע ער זאָל פאַרטאָפּלען אַמאָל און נאָך
אַמאָל, אַ לענגרע צייט, ביז וואַנען עס וועט אַוועק פון
איהם די אייגענשאַפט, וואָס ברענגט איהם צו קאַרג־
שאַפט. אַזוי איז אויך ביי אַלע מדות. דער דאָזיגער
כלל ווערט געזאָגט אין רמב"ם דוקא ביי די איבעריגע
מדות. אָבער ביי דער מדה פון ענוה איז קיין אונטער־
שיעד נישט, צי דער מענש האָט אַ נייגונג צו גאוה, צו
ער האָט נישט קיין נייגונג צו גאוה, נאָר שטענדיג
דאַרף זיך דער מענש פיהרען ביי דער מדה פון ענוה
אין דעם עקסטרעמען וועג, און נישט צו געהן אין מי־
טעלען וועג. אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין פרקי
אבות, פרק ד׳: „רבי לויטס איש יבנה אמר מאד מאד
הוי שפל רוח". (רבי לויטס פון יבנה זאָגט: זאָלסט
זיך האַלטען נידעריג זעהר און זעהר). ביי דער מידה
איז נישטאָ קיין מיטעלע וועג.

**מיין מיינונג** אין דעם איז צו מאָטיווירען לויט ווי דער
רמב"ם שרייבט, אַז דער כלל פון געהן אין
מיטעלען וועג איז נאָר פאַר דעם מענשען, וואָס ער איז
נישט פאַרדאָרבען אין דער דאָזיגער מדה, אָבער פאַר
וועלכען ער איז פאַרדאָרבען אין דער מדה, דאַן דאַרף
דער מענש זיך פיהרען מיט'ן עקסטרעמען וועג צו
טהון דעם הפך, דאָס פאַרקעהרטע פון זיין געוואוינ־
הייט. קען מען זאָגען, אַז ביי דער מדה פון גאוה מיט
ענוה, נאָכיאָגען זיך נאָך כבוד, איז כמעט יעדער מענש

קראַנק אויף דעם. די גייסטיגע קרענק „רודף אחר הכבוד" (נאָכיאָגען זיך נאָך כבוד) מיידט נישט אוים כמעט קיינעם. גרוים און קליין. דעריבער זאָגט אונז רבי לויטס, אַז ביי דער מידה זאָל יעדער זיין עקסטרעם, ווייל אַלע זענען קראַנק אויף דעם און זיך נישט צו באַנוגענען מיט איין מאָל „מאד", נאָר צוויי מאָל „מאד מאד הוי שפל רוח", זעהר און זעהר זיך האַלטען נידעריג. מיט איין וואָרט, זעהן אויסמיידען גאוה, ווי ווייט מ'קען נאָר. און זאָל דער מענש ניט מורא האָבען, אַז דאָס וואָס ער וועט זיין אין דעם עקסטרעם, וועט עס איהם דאָס שאָדען ברענגען, האָט אויף דעם רבי יוחנן געזאָגט: כל מקום שאתה מוצא גדולתו של הקדוש ברוך הוא, שם אתה מוצא ענוותנותו, אויף יעדען אָרט, וואו דו געפינסט ענוה, נידעריגקייט, דאָרטען איז דאָ די גרויסקייט. די ענוה פאַרקלענערט נישט די גדלות נאָר פאַרקערט דאָרט איז די אמת'ע גדלות. און דאָס איז דער ענטפער פון דוד המלך: „ועם האמהות אשר אמרת עמם אכבדה".

## די ענדערונג ווינקט אויף עפּעס אָן

**אין סדרה נשא** ביי די קרבנות פון די נשיאים, רע־כענט די תורה די קרבנות, וואָס די נשיאים האָבען געבראַכט צום משכן. ביי אַלע נשיאים זענען די קרבנות געווען גלייך אין זייער צאָהל און אין זייער וואָג, ביי יעדען נשיא זענען געשריבען זיינע קרבנות אָהן אַ שום ענדערונג פון צווייטען, די תורה ענדערט גאָרנישט איינעם פון צווייטען. ביי אַלע איז דער זעל־בער לשון. אפילו די פסקי טעמים (דער טראָפּ) זענען די זעלבע ביי יעדען איינעם, נאָר ביי דעם קרבן פון נחשון בן עמינדב געפינט זיך אַן ענדערונג. ביי אַלע נשיאים שרייבט די תורה דאָס וואָרט „עתדים" אָהן אַ „וואָוו" און ביי נחשון בן עמינדב איז געשריבען מיט אַ „וואָוו" דאָס וואָרט „עתודים", — האָב איך געזאָגט אויף דעם, ווייל נחשון בן עמינדב איז געווען דער ער־שטער נשיא פון שבט יהודה, האָט די תורה אָנגעוואונ־קען מיט דעם „וואָוו", אַז פון דעם ערשטען נשיא פון דעם שבט יהודה, ביז דעם ערשטען מלך פון דעם שבט, וועלען אַריבער זעקס דורות, אַזוי ווי זיי ווערען גע־צעהלט אין מגילת רות: נחשון, שלמה, בועז, עובד, ישי און דוד. לויט אין דער גמרא בבא קמא דף נ"ב, וואָס ווערט געבראַכט: וואָס דער גלילאה האָט גע־דרש'ענט אויף ר' חסדא'ן: „כד רגיז רעיא על ענא,

עביד לנגדא סמותא״, אַז דער פּאַסטוך ווערט אין כעס אויף די שעפּסען, מאַכט ער דעם זכר פון דער סטאַדע, וואָס געהט פאָראויס, ער זאָל זיין אַ בילנדער. דעריבער איז אָנגעוואונקען ביי דעם וואָרט „עתודים״, וואָס קען זיך מערקען אויף אַ מנהיג. איך האָב געזאָגט, אַז פיליכט איז דער „מגן דוד״ אַ זעקסיגער „זעקס ווינקלען״, ווייל פון ערשטען נשיא פון שבט יהודה ביז דעם ערשטען מלך פון דעם שבט איז זעקס דורות.

# די עהרע פון דעם מנהיג פון דער נאַציאָן איז די עהרע פון דער נאַציאָן

אין סדרה בלק: „והנה איש מבני ישראל בא ויקרב אל אחיו את המדינית לעיני משה ולעיני כל עדת בני ישראל והמה בוכים פתח אהל מועד" — (אַ מאַן פון די אידען איז געקומען און האָט צוגעפיהרט צו זיינע ברידער די מדינית אין דער גע־גענוואַרט פון משה און אין דעם געגענוואַרט פון אַלע אידען, וועלכע וויינען ביי דער טהיר פון אהל מועד). אין מדרש רבה, סדר תרומה ל"ג, ווערט געבראַכט אויף דעם, אַז זמרי, ברענגענדיג די מדינית, האָט זיך גע־ווענדעט צו משה'ן מיט דער פראַגע: צי די דאָזיגע פרוי איז ערלויבט (מותר), אָדער פאַרבאָטען (אסור)? משה רבנו האָט איהם געענטפערט, אַז זי איז דיר פאַרבאָטען (אסורה לך). האָט איהם זמרי גע־זאָגט: אויך די, וועלכע דו האָסט גענומען איז פאַר־באָטען. און ווען זיי האָבען דאָס געזעהן, האָבען זיי געוויינט. האָט ג־ט געזאָגט צו משה'ן: דו וויינסט? און וואו איז דיין חכמה, וואָס דו האָסט געזאָגט אַ וואָרט און דו האָסט געמאַכט, אַז קרח איז איינגעזונ־קען געוואָרען, און איצטער וויינסטו?

דער מדרש נויטיגט זיך נישט אין צופיעל ערקלע־רונג, דען ער איז איינפאך ערקלערט. עס זענען פאַרהאַן מענשען צדיקים, פרומע, וועלכע ווען זיי זעהען, אז ג־ט׳ס נאָמען ווערט, חס ושלום, פאַרשוועכט, ברענט אין זיי, ווי אַ פייער, זייער צאָרען זיך נוקם צו זיין אין די רשעים, די פאַרשוועכער. דאָס איז ווען די פאַרשוועכונג פון דער הייליגקייט איז נוגע ג־ט, זיין תורה און זיין פאָלק, אָבער ווען דאָס איז נוגע די פארשוועכונג פון דעם צדיק׳ס כבוד זעלבסט, אז מענ־שען אויסוואָרפען באַליידיגען און פאַרשוועכען זיין כבוד אומזיסט און אומנישט, דאַן רעאַגירט נישט אויף דעם דער צדיק, צוליעב זיין עניוות, מאַכט ער זיך נישט וויסענדיג, נאָר באַהאַלטענערהייט וויינט ער פאַר זיך אויף דעם פאַרשוועכטען כבוד, וואָס אין דער ריכטיג־קייט אריינטראכטען זיך, איז די באַליידיגונג, וואָס די רשעים באַליידיגען איהם, איז נישט צוליעב זיינע פריי־וואַטע אינטערעסען, נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַ ירא שמים און היט די תורה און מצוות, און דאָס פאַר־שטעהט דער צדיק און וויינט שטילערהייט אויף דער רשעות פון די רשעים, אָבער ער וויינט, אז קיינער זאָל נישט וויסען, ווייל זיין כבוד איז דאָך אויך געלעם־טערט, וויל ער נישט, אַז מען זאָל איבערקלערען, אַז ער ערגערט זיך צוליעב זיין אייגענעם כבוד. זאָגט אָבער ג־ט צו משה רבנו: דו וויינסט? וואו איז דיין חכמה? ווען דו האָסט געזאָגט איין וואָרט און קרח איז איינגע־זונקען געוואָרען. ג־ט האָט פראָטעסטירט געגען משה

רבנו פאַר דעם דאָזיגען אויפפיהרען זיך, וואָס ער האָט געוויינט באַהאַלטענערהייט, און איז זיך נישט נוקם אין די זמרי'ם, וואָס לעסטערען דעם כבוד פון ראש האומה. און ג־ט זאָגט איהם, אַז ער טהוט נישט גוט מיט דעם. נישט אַזוי דאַרף זיך פיהרען דער פיהרער פון פאָלק. עס איז נישט קיין צייט אויף וויינען, בעת מען באַליידיגט דעם כבוד פון דעם מנהיג האומה, דען דאָס הייסט נישט, אַז זיין פריוואַטער כבוד איז פאַר־שוועכט געוואָרען, נאָר דער כבוד פון דעם גאַנצען פאָלק, און ער האָט קיין רעכט נישט פאַרבייצוגעהן איבער דעם מיט שטילשווייגען און מוחל זיין. דען „מלך שמחל על כבודו, אין כבודו מחול" (אַ קעניג, וועל־כער שענקט אויף זיין כבוד, איז זיין כבוד נישט גע־שענקט). פאַרשטענדילך פאַרוואָס, ווייל זיין כבוד איז דער כבוד פון פאָלק, און די פאַרשוועכונג פון זיין כבוד איז די פאַרשוועכונג פון דעם פאָלקס־כבוד. ג־ט זאָגט צו משה רבנו: דו האָסט נישט די רעכט אין אַזאַ פאַל זיך צו פיהרען מיט דיין מדת ענוה און יוצא זיין מיט וויינען. דו דאַרפסט זאָגען דעם שאַרפען וואָרט, וואָס דער ראש האומה דאַרף זאָגען, און זאָלען די פאַרשוועכער איינגעזונקען ווערען. וויין נישט, נאָר זיי זיך נוקם. די פאַרשוועכונג פון דיין כבוד, וועלכער איז דער כבוד פון דער נאַציאָן, דעריבער מאַך, אַז זיי זאָלען וויינען און זאָלען די אַלע מבזי התורה, די אַלע אויפשטעהענדע און פאַרברעכער וויסען ווי אָפּצושאַ־צען די ווערדע פון דעם כבוד פון דעם ראש האומה, און דעם כבוד פון דער אומה.

## ווען ס׳איז חורבן, איז קיין נאַטירליכקייט ניטאָ

**אין מדרש איכה** ווערט געבראַכט: אין יענער צייט זענען אַריינגעגאַנגען די פיינד אין בית המקדש און האָבען איהם פאַרברענט, און ווען ער איז פאַרברענט געוואָרען, האָט ג־ט געזאָגט: איך האָב שוין מעהר קיין וואוינונג נישט אויף דער ערד. איך וועל זיך אומקערען צו מיין פריהערדיגער וואוינונג. אָט דאָס מיינט דער פסוק: „אלכה ואשובה אל מקומי" (איך וועל מיך אומקערען צו מיין אָרט). אין יענער צייט האָט ג־ט געוויינט און האָט געזאָגט: „וועה איז מיר, וואָס איך האָב געטהאָן, איך האָב געמאַכט רוהען מיין שכינה אונט׳ן צוליעב די אידען, און איצטער, אַז זיי האָבען געזינדיגט, האָב איך זיך אומגעקערט צו מיין ערשטען אָרט, און איך וועל, חס ושלום, ווערען צו געלעכטער ביי די פעלקער און צו שפּאָט ביי די מענשען. אין דער זעלבער צייט איז געקומען מטטרון (איינער פון גרעסטע מלאכים) און איז געפאַלען אויף זיין פּנים און האָט געזאָגט: רבונו של עולם, איך וועל וויינען, און דו זאָלסט נישט וויינען. האָט איהם ג־ט געענטפערט: אויב דו ועסט מיך איצט נישט לאָזען וויינען, וועל איך אַריינגעהן, אין אַזא אָרט, וואו איך האָב און דו האָסט נישט קיין ערלויבעניש אַריינצוגעהן, און איך וועל דאָרטען וויינען, ווי

אין פסוק איז געזאָגט (ירמיהו י"ג): „ואם לא תשמעוה במסתרים תבכה נפשי מפני גוה" (אויב איהר וועט נישט וועלען הערען די נבואה, וועל איך אין געהיים וויינען, צוליעב אייער שטאָלץ).

**דער גאַנצער מאמר**, פון אָנפאַנג ביז צום סוף, איז וואונדערליך און פרעמד, מען זאָל איהם פאַרשטעהן איינפאַך: ער זאָגט, אַז ג-ט וויינט, און דער מלאך מטטרון קומט איהם טרייסטען איינצושטי־לען זיין געוויין. עס שטעלט זיך אַ פראַגע: פאַרוואָס פון אַלע מלאכים, איז קיינער נישט געקומען טרייסטען ג-ט אויף זיין גרויסען צער, נאָר דער איין מלאך מטט־רון? און בכלל איז נישט פאַרשטענדליך דער גע־שפּרעך פון דעם מלאך מטטרון, וועלכער זאָגט צו ג-ט, אַז ער וועט וועלען זיין פאַרטרעטער און זאָגט צו ג-ט: „איך וועל וויינען און דו זאָלסט נישט וויינען", און ענדליך הערט זיך ג-ט צו איהם צו און הערט אויף עפענטליך צו וויינען. דער מדרש בעט זיך מען זאָל איהם דרשנ'ען, און מיט ג-ט'ס הילף, וועלען מיר איהם ערקלערען לויט דעם פאָלגענדען געדאַנק:

**דער בית המקדש**, די הויז פון אונזער ג-ט, וואָס דאָרט האָט זיין הייליגער גייסט גערוהט, איז חרוב געוואָרען און איז פאַרברענט געוואָרען. ג-ט וויינט אויף דעם שרעקליכען אומגליק, וואָס עס האָט געטראָפען, אַז זיין הויז איז פאַרברענט געוואָרן און

